אברהם לעוו

# היים און פעלד

## לידער און פאעמעס



ההסתדרות הכללית של העובדים העברים בארץ־ישראל
הוצאת הקיבוץ המאוחד • תשי"ג

## אין רעגנדיקע נעכט

אַ קו האָט זיך אין נאַכט אין הײַנטיקער צעשריען,
אומעטיק אַזוי ווי פאַרן שעכטן.
בהמות מוזן אויך מסתּם דערפילן
די שווערקײַט פון די ווינטערדיקע נעכט.

עס האָט מײַן האַרץ זיך אויפגעכאַפּט און בלוטיקט
אין האַלבער נאַכט צווישן ווענט פון צריפל;
דער רעגן רײַסט דעם דאַך מיט פינגער פון ניט־גוטע,
און כ׳פיל זיך איין־אַליין, ווי אויף אַ טרינקענדיקן שיפל.

עס רײַסט דער ווינט די ווענט און פאַכעט־אומעט
מיט פינגער ווינטישע און דינע;
דערזע איך מאַמעס פנים — קנייטשן אומעט,
און ס׳וויינט, כביכול, מיט — מיט איר די שכינה.

נאַכט אין דרויסן. רעגן, ווינט און שטורעם.
צו מיר אין צימערל מײַן מאַמע איז געקומען,
פון איר ליכטיקײַט האָט אַלץ זיך אָנגענומען.

פון איר פנים קוואַלן די יסורים,
לײַדן לויטערע, ווי טרערן, שטראָמען.
ביסט מאַמע דו, אַ גאַסט אַ ליבער ביי דײַן מוזיניקל אַברהמען.

גבעת־השלושה, 1935

פאָרטרעט פון אַ תימנער קינד

דאָס פּנימל — פון וואַקס,
די אויגעלעך — פון קויל.
אַ בלויער שנירעלע — דאָס מויל,
און שמאָלע אַקסל.

צוויי פּאה'לעך — הבדלה־ליכט
געפלאָכטענע — פון אונטערן היטל,
זיי ראַמען־איַין דאָס געל געזיכט;
דאָס גופ'עלע — אַ ריטל.

אַ ריטעלע, נעם גיב אַ בלאָז,
וועט זיך צעפאַלן און צעשיטן.
אַ שטאָלצער אָדלערל — דער נאָז —
איז אויפן פּנימל אַרויפגעריטן.

די פיסעלעך, פאַרברענט און שוואַרץ,
אַריינגערוקט אין ווייסע גאַטקעלעך.
עס קלאַפּט אַ טײַער יידיש הארץ
אונטער שמאַטקעלעך...

1936

## אַ דערמאָנונג

חיים גראַדען

כ׳האָב היינט געליִיענט דיינם אַ ליד און ס׳האָט מיך ווייט אַוועקגעטראָגן —
צוריק אויף ווילנער גאַסן, אויף זאַאָולעקלעך און ראָגן.
אַ ווינט האָט בייז געוויִיט, אַ שניי האָט גראָב געשאָטן;
דער צער פון שטאָט אַרויסגעקלאָגט דורך טעלעגראַפנע דראָטן
(די פייגעלעך אויף זיי — ווי לעבעדיקע נאָטן);
די מויערן האָבן זיך אין שניי פאַרבאָרגן;
ווי שוואַרצע פלעקן האָבן אויפגעפלאַקערט הונגעריקע ראָבן,
זוכנדיק פאַר זיך מיט עפּעס צו דערנערן;
פון דעכער זענען אייז-פלעכטלעך געהאַנגען ווי די טרערן,
פאַרגליווערטע, וואָס קענען שוין ניט רינען;
אַ מרה-שחורה האָט געבלאָזן איבער ווילנע.

און אין דער ווינטערדיקער שטאָט געשפּאַנט האָבן צוויי יאָטן,
יתומים קליינע צוויי (איך ווי דו, ביידע אָן אַ טאַטן).
פון מאַנטעלעך צעפלאַצטע האָט אויף דרויסן זיך געשפּאַרט די וואַטע,
און ס׳האָט דער ווינט אַריינגעבלאָזן דורך די לעכער;
אַ קוימען, ווי אַ פּויסט, האָט זיך געררויטלט איבער ווילנער דעכער;
די יאָטן האָבן שווייגנדיק געשפּאַנט און מרה-שחורהדיק געשוויגן.
נאָר פּלוצים האָסטו זיך גענומען ווי פאַנאַנדערוויגן,
צענומען ברייט די גרויסע הענט, ווי וואָסלעם אינדערוויַיטן:
„אָ ברודער, ווען מען קען פון טיפן האַרץ אַזוי אַ שריַי־טאָן,
אַז ס׳זאָלן אָט די מויערן זיך טאָן אַ טרייסל!״...
נאָר איך בין שווייגנדיק געגאַנגען, נישט געוווּסט מיט וואָס דיך טרייסטן,
און נישט געוווּסט האָב איך נאָך דאַן אַז ס׳ליגט אין דיר אַ גבורה,
וואָס שרייט אַרויס מיט קראַפט איצט פון דיין יעדער שורה...

דאַן זענען מיר געווען צוויי קינדער, פאַרגעסענע אויף ווילנער גאַסן,
ישיבה־בחורים צוויי, געקוועטשט די באַנק, געלערנט גמרא, תוספות, רש״י,
מיט וואָס מען האָט אונדז דאַן געשטאָפּט די יונגע קעפּלעך;
די מאַמעס אונדזערע אַרומגעשלעפּט האָבן אויף ווילנער מערק
די קוישן פולע עפּל,
מיט הענט פאַרפראָרענע, געשוואָלענע און רויטע, — אַ סכּנה —
און אַלץ פאַר זין, וואָס שניידן זיך צו זיין רבנים...

און נאָך אַ טאָג געדענק איך דיך, אויף זאַוואַלנער גאַס לעם אונדזער טויער.
ס'איז האַרבסט געווען. די שטאָט האָט געל און קראַנק אַזוי געטרויערט
און כמורנע איז געווען, צעוויינען וועט זיך באַלד דער הימל.
אַ פורמאַן אין זיין וועגעלע געלעגן און געדרימלט, —
אויף אַ „יאַזדע" מן־הסתם געוואַרט און איז מיט האָפענונג
אויף האַרטן וואָגן איינגעשלאָפן;
דאָס פערד האָט אומרויִק געבריקעט מיט די פיס, געריסן
די ברוקירטע שטיינער.
מיר זענען שטום געשטאַנען מיט פאַרהאַקטע מויל און ציינער,
און פינסטערע געשוויגן.
איך בין אַראָפּ אין שטוב אויף עטלעכע פאַרפוילטע שטיגן,
און דו האָסט הינטער מיר — אַ גרויסער שאָטן —
אומגעלומפּערט שווער געטראָטן.

אין שטיבל האָט געוויינט מיט טוכלען, צוגעדעמפטן טרויער.
דעם שטיקל שיין פון פענסטער — האָט אויך פאַרשטעלט
דער קעגנאיבערדיקער מויער;
די מאַמע איז געזעסן אין אַ ווינקל, אַריינגעקוקט אין געלן סידור,
און מיר גענומען האָבן בלעטערן אַ ביכל לידער.

נאָר פּלוצלונג האָט מיין מאַמע זיך אַ הויב געטאָן, גענומען
ריידן מיט פאַרשטיקטן קול,
און ס'זענען טרערן איר גערונען, גרויסע:

„מײַן זון האָט אויפֿגעהערט צו לערנען, גרייט זיך פֿאָרן קײַן ארץ־ישׂראל“.
האָסטו זי שטילערהייט גענומען טרייסטן.

כ׳האָב הײַנט געלייענט דײַנס אַ ליד, האָט עס מיך ווײַט אַוועקגעטראָגן.
צוריק אויף ווילנער גאַסן, אויף זאַאוּלעקלעך און ראָגן.

1937

א

כ׳בין אויפגעשטאַנען היינט מיט שטילער פרייד,
אַוועק אין פעלד, אויפרייסן דעם שוואַרצן באָדן;
און ס׳האָט פאַרשיכּורט מיך דער דופט פון בליעכץ און פון קוויט,
וואָס איז געשטאַנען אין באַגינען, ווי אַ קינד, אין פרישן טוי געבאָדן.
כ׳האָב אויפגעהויבן די טוריה אין דער הויך,
האָט אַ פרייד געצונדן זיך אין מיינע גלידער, —
צו פייכטער ערד, מיטן גאַנצן כּוח,
האָב איך אַ פאַל געטאָן אַ מידער.
אַ ליד האָט זיך געצונדן אין מיין בלוט,
אַ ליד: פונסניי געבוירן ווערן.
איז גוט מיר דאָ, אויף רויער ערד, איז גוט
מיט זון און ליכט אין אונדזער לאַנד זיך נערן...

ב

ברען מיך, זון, און בראַט, און פלאַקער!
כ'ליג דאָ אויסגעשפּרייט אויף דרערד.
כ'האָב פאַרוואָרפן היינט דעם אַקער,
פריי געלאָזט האָב איך דאָס פערד.

ס'האָבן טעג זיך זוניק, ווייסע
ליכטיק איבער מיר צעשפּרייט,
כ'וועל שוין היינט מער ניט אויפרייסן
פעטע ערד אין שוואַרצן בייט.

כ'וויל היינט פרייד און רו דערפילן,
גליק פון זון און העלן ליכט;
הערן ווי עס זעגן גרילן,
קוקן ווי אַ זשוקל קריכט.

כ'וויל זיך היינט מיט אַלץ באַהעפטן,
מיט יעדער שטיקל שוואַרצער ערד.
כ'וויל דערפילן מיינע קרעפטן —
עס יערט אין מיר, און יערט...

1938

עס שפּיגלט זיך באַגינען־בלאָ אין מײַנע שויבן,
באַגינען־זון גייט אויף נאָך קיל און שוואַך;
און פויגל זינגען שוין בײַ מײַנע שויבן,
און פויגל קרײַזן שוין אַרום מײַן דאַך, —
זיי טוען צו די הויכקייטן זיך הויבן,
און איך — ליג אומרויִק און וואַך.

און איך ליג אומרויִק, די אויגן אָפן,
ווי פענסטער צוויי — צום דרויסן, צו דער גאַס.
באַגינען פרי, נאָר איך קען מער ניט שלאָפן,
ליג איך אין בעט אויסגערוט און וואַך;
איך הער, ווי ס׳זינגען אין מיר סטראָפן
מיט ליבע האַרציקער צו אַלץ.

צו אַלץ וואָס רינגלט מיך אַרומעט:
צום קלענסטן גרעזעלע וואָס וואַקסט לעבן מײַן שוועל,
צו ברעטער פון מײַן שטיבעלע, וואָס קוקן שטומע
אַראָפּ אויף מיר, געקאַלכט אויף העל.
און צו דער קאַץ צופוסנס מיר, אַ שטילינקע, אַ פרומע,
וואָס וואַשט מיט רויטער צונג די ווײַסע פעל.

און צו די קינדערלעך אַ הינטער פענסטער,
וואָס שפּילן זיך פאַרטאָג אין זאַמד און בוי;
איין ייִנגעלע פון זיי, מיר דוכט — דער קלענסטער,
טייטלט מיטן פינגער און ער זאָגט אַזוי:
אָט אַ שטייט ער, ווי ער וואָלט דאָ בענטשן,
ווי ער וואָלט דאָ רעדן צו דער שויב...

באַגינען־זון שפּיגלט זיך אין מײַנע שויבן.
באַגינען־זון וואַרעמט שוין מײַן דאַך.
עס פליען נאָנט פאַרבײַ מײַן שטיבל אַ פּאָר טויבן
און ליבן זיך אויף זייער שפּראַך.
און איך, בײַם שויב, בין פול מיט גלויבן,
נאָך אָט דער נאַכט.

1938

צו זיך אַליין

איך רעד צו זיך אַליין:
ניט בונטעווע זיך מער,
ניט בונטעווע!
עס איז דיר שווער? —
דערגרונטעווע
דעם תוך
און שלעפּ דעם יאָך,
דו שלעפּ דעם שפּאַן אַלץ ווײַטער.

יעדע זאַך פֿאַרמאָגט אין זיך געלײַטערטס,
אַפֿילו פּײַן,
אַפֿילו שווערע טעג...
אַזוי רעד איך אין זיך אַרײַן
און פֿרעג,
און ענטפֿער זיך אַליין,
און פֿיל, עס שטיקט אין מיר און רײַסט זיך אַ געוויין.

1939

חלום זיסער,
וויג מיך אײַן
אין בלויער שײַן
און פֿאַרוויג
מיט אַ מעשׂה פֿון אַ ציג,
מיט אַ מעשׂה פֿון אַ שאָף.
אָט אַזוי און אָן אַ סוף,
אָט אַזוי און אָן אַ ברעג.

דורך די נעכט און דורך די טעג,
כ׳זאָל זיך וויגן אין מײַן טרוים,
ווי אַ בלעטל אויף אַ בוים,
אויף אַ צווײַג — אַ טראָפּן טוי,
און פֿאַרחלומען די וואָר,
וואָס איז שאַרף און גרוי,
דורך חדשים און דורך יאָר,
און מײַן בענקשאַפֿט און מײַן צער,
און מײַן חלומען נאָך גרויס.

נעם פֿאַרוויג מיך ווי אַ נאַר,
וואָס פֿון אַלץ טוט ער זיך אויס
און דערשפּירט ניט די געפֿאַר,
וועלכע לויערט שטרענג און בייז,
וועלכע וואַרט, איז גרייט
אין אַ פֿינסטערער מינוט
זיך אַ וואָרף טאָן בייז אויף אַלץ,
אײַנצובייסן אין אַ האַלדז
ביז צום ביין און ביז צום טויט —
אויסצוזאָגן גאָר דאָס בלוט...

חלום זיסער, וויג מיך אײַן
אין בלויער שײַן,
און פֿאַרשלעפּער און פֿאַרוויג
אין דײַן טרוים און אין דײַן סוד,
כ׳זאָל ניט פֿילן, ווי די בריק
וואַקלט זיך ביי יעדן טראָט.
כ׳זאָל ניט זען, ווי עס פֿאַרשווינדט
מײַן אויסגעבענקטער ווײַטער וועג,
כ׳זאָל ניט זען ווי עס צערינט
דאָס גאָלד פֿון מײַנע יונגע טעג.
כ׳זאָל ניט זען, ווי ס׳לויפֿן אָפּ
יאָרן, יאָרן איינס נאָך איינס,
און מען קײַקלט זיך אַראָפּ,
ווי פֿון הויכן באַרג אַ שטיין,
ווי מען גליטשט זיך גליטש נאָך גליטש,
און מען רוקט זיך טראָט נאָך טראָט,
ווי מען ווערט אַזוי באַשפּריצט
מיטן בלוט פֿון עשאַפֿאָט.

זיסער חלום, וויג מיך אײַן
און פֿאַרוויג מיך און פֿאַרוויג,
כאָטש עס מעג דאָס וויגן זײַן,
ווי פֿון אַ געהאַנגענעם אויף שטריק.

וויג מיך אײַן, וויג מיך אײַן,
חלום זיסער אין דײַן שײַן;
איך בין מיד שוין און בין מאַט
און מיט צער און צאָרן זאַט...

1940

איך בין דער וועכטער פון די נעכט דײַנע די בלויע, לאַנד;
ווען אַלע שלאָפן מיד, גיי איך אַרום דאָ וואַך.
עס פֿאַלט מײַן שאָטן קליין און אײַנגעקאָרטשעט אויפֿן זאַמד,
און הימל רעדט צו מיר מיט שטערן־שפּראַך.

איך הער זיך אײַן צו שטילקייט פון דער נאַכט,
איך זע: עס רינט פון אויבן דורכזיכטיקער בלוי.
שאַקאַלן האָבן ערגעץ אויפגעוואַכט —
צעיאָמערט און פאַרגאַנגען זיך אַזוי.

ס'איז ווידער שטיל. די שטילקייט שפּרייט זיך ווײַט אויף
פליין און סאַד,
עס הערט זיך נאָר דער סקריפּ פון מײַנע טריט.
אין ווײַסן פײַכטן זאַמד ווערט אָפּגעדריקט מײַן טראַט,
און ווי אַ בלאָער שטעמפּל אָפּגעהיט.

די נאַכט דעקט אײַן מיט בלוי די שטיבעלעך פון האָלץ,
ווי מיט אַ קאָלדרע דעקט אַ מאַמע אײַן איר קינד.
פון אויבן די לבנה — גאוהדיק און שטאָלץ,
עס רינט דער זילבער פון איר ווײַסן לײַב און רינט.

1942

## גרעזעלעך גרינען

די גרעזעלעך וואַקסן, די גרעזעלעך גרינען,
און ווער בין איך דאָ אין מיטן דעררינען?

איך בין דאָך אַליין דאָ ניט מער ווי אַ גראָז,
און וועל באַלד פאַרגרינען און וועל באַלד פאַרגעלן,
פרימאָרגנס איז בלוי, און פרימאָרגנס איז ראָז
און אַלץ ווילט זיך זען און אַלץ טוט זיך וועלן.

אַ זונג פון אַ פויגל, אַ קלאַנג פון אַ בלאַט,
אַ פּאַטשן אין שויב פונעם האַרבסטיקן רעגן.
עס ציט זיך מײַן לעבן סײַ מיד און סײַ מאַט,
דאָך ווילט זיך ניט גרײַלעך פון דאַנען אַוועקגיין.

ס׳פאַרכאַפּט דיך דער ריח אַ מאָל פון אַ בלום,
אַ שיינהײַט טוט אָפּטמאָל אין גאַס דיר אַ שווינדל...
ס׳איז ליב מיר אַפילו מײַן דאָך וואָס ליגט קרום
מיט הילצערנע, קליינע פאַרמאָכיקטע שינדל.

ס׳איז ליב מיר מײַן צימער, ס׳איז ליב מיר מײַן בוך,
און ליב האָב איך גלעטן די קי און זיי מעלקן;
ס׳איז ליב מיר אַפילו פון שטאָל דער גערוך
און ס׳ווילט זיך אַזוי ווי אַ גראָז ניט פאַרוועלקן.

1946

אויף מײַן קינדהײט איז דײַן ליד ווי טוי געפאַלן,
און דײַנע ווערטער האָבן מיך געגלעט, ווי שטראַלן
אין פאַרנאַכט בײַם זון־פאַרגײן.
כאָטש דורך די שורות טראָגט זיך אַ געוויין,
דאָך רוט אויף זיי אַ שמייכעלע דורך טרערן.

ווי ליב האָב איך געהאַט אין שטוב צו הערן
מײַן שוועסטער זינגען: „וואָס זשע קלינגט איר, קלויסטער־גלאָקן,
שוין געצויג די וועלט געשראָקן!"
דאָס אומעטיקע ליד פון צער און ווײ:
„אַ געזינד זאַלבעאַכט און בעטן נאָר צווײ".
יאָ, נאָנט אַזוי געווען איז מיר דאָס געזאַנג,
ווײַל ענג אין שטוב און איך שלאָף אויף אַ באַנק.

עס קלינגט נאָך אין די אויערן מיר, דײַן „מאי קא משמע לן דער רעגן?"
אַ, יאָרן בין איך אין ישיבות אָפּגעלעגן,
אין ווילנע, ביאַליסטאָק און מיר,
און אומעטום האָט מיך באַגלייט דײַן שיר, —
אין אַלע וואָגלענישן, אויף וועגן און עטאַפּן,
האָב איך אין זיך דײַן ליד געטאָן אײַנזאַפּן,
און מיטגעבראַכט אין ווײַטערדיקן גאַנג.

און ווײַל איך האָב די לידער דײַנע טרויעריקע, שטילע
פון מײַן קינדהײַט אָן געטרונקען,
איז קיין ווונדער וואָס אין מײַן ליד און תפילה
גליִען צײַטנווײַז אויך דײַנע פונקען.
איצט רײַסט זיך דאָ אין לאַנד פון מיר אַרויסעט דײַן געזאַנג,

דײַן ייִדישער געזאַנג, דײַן האַרציק־ווייכער ניגון;
פֿון דאַנען טו איך איבער ים מײַן גרוס צו דיר אַריבערשיקן,
און זאָל מײַן וואָרט צו דיר דאָרט קומען,
מײַן וואָרט וואָס וויל אַרויס און צוגעקלעפּט בלײַבט ער צום גומען,
און צאַפּלט, צאַפּלט זיך אין האַרצן, ווי אַ פֿייגעלע אין שטײַג,
וואָס פּאַטשט מיט פֿליגל, רײַסט זיך צום דערלייזן...
עפֿן איך דאָס טירעלע, הויבט ער זיך מײַן וואָרט און שטײַגט
צו דיר, דו דיכטער האַרציקער, אברהם רייזען!

1946

### אומעטיק קריכן די שעהן

אומעטיק קריכן די שעהן,
אַ שעה נאָך אַ שעה;
וואָס זאָל איך דיר, קינד מײַנס, פאַרטרויען?
ווען דאָרט איז שוין קיינער נישטאָ...

שווערער געמיט און געפילן,
שווערער פאַרפּײַניקטער וואָרט;
מיט וואָס זאָל איך איצטער דיך שטילן?
אַז ס'איז שוין דאָרט קיינער נישטאָ...

מינוטן פאַרשטילט אין מײַן שטיבל,
אַ ווענט, פון צער זענט איר גראָ;
האָט נישט אויף מיר קײַן פאַראיבל,
וואָס איך איינער לעב און בין דאָ.

אַן עדות בין איך, אַ מצבה
אַז געווען אַ משפּחה אַמאָל,
און איצטער אַפילו אַ קבר
נאָך זיי איז נישטאָ.

מערץ 1946

אָ, קער זיך אום, דו גלויבן מײַנער, קער זיך אום!
די תּבֿואה גייט איצט אויף, עס וואַקסט די בלום.
אַ ברכה מאַך, אַ ברכה מאַך און בענטש,
און הויב אָן גלייבן ווידער אין דעם מענטש.

די וועלט באַנײַט זיך יעדן פרילינג סײַ־ווי־סײַ,
אַ מענטש ווערט אויך געבאָרן פונדאָסנײַ;
און נאָך רציחות, פּײַניקונג און בלוט,
וועט אויסוואַקסן אַ דור מיט נייעם מוט.

אַ דור וואָס וועט באַנעמען און פאַרשטיין
די ימען בלוט, די קוואַלן פון געוויין,
דעם גרויסן פּײַן וואָס האָט אַ וועלט פאַרפלייצט, —
מיליאָנען אויפן קרייץ...

אַ דור וואָס וועט אַ שפּאַן טאָן ווײַט פאָראויס
און זאָגן: וועלט דו בלוטיקע, איך לייז דיך אויס!
פון קויל, פון שווערד און פון אַטאָם,
דו זאָלסט ניט קײַקלען מער זיך שוין אין תּהום!

אָ, קער זיך אום דו גלויבן מײַנער, קער זיך אום.
און כאָטש דאָס האַרץ פאַרשטיינערט איז און שטום
איז זע, די תּבֿואה אויפן פעלד עס גרינט
און אינעם בינשטאָק הודזשעט אום די בין.

דו גאַרטל און פאַרגאַרטל זיך מיט פרייד,
עס וואַקסט אַ רעטעכל אַ ווײַסינקער אין בייט,
איז מאַך אַ ברכה, מאַך אַ ברכה, בענטש,
און הויב־אָן גלייבן ווידער אינעם מענטש!

אפּריל 1946

שפּילט דער ווינט אַ ניגון.
האַרץ מײַנס, שטיל זײַ, שווײַג!
זע, ווי ער טוט וויגן
איבער דיר אַ צווײַג.

בלאָזט אַרײַן אין העמד מיר,
שויבערט מײַנע האָר.
ווינט דו, ווײַטער, פרעמדער,
ליב ביסט מיר ביז גאָר.

זאָג פון וואַנען קומסטו,
און פון וועלכן וועג?
אין די צווײַגן ברומסטו,
ווינטלסטו אַוועק.

ווינט, דער ווילדער שטיפער,
בלאָזט אַוועק אין ווײַט;
ווערט מײַן האַרץ אַ שיפל
מיט אַ זעגל נײַ.

עפנט זיך דער זעגל,
שפּרייט זיך קעגן ווינט.
וועל איך גאַרנישט פרעגן
ווו ער פירט אַצינד.

צו אַ הימל בלויען?
צו אַ באַרג? אַ טאָל?
ווינט וועל איך געטרויען,
ווײַל איך האָב אים האָלט...

זעגלען מײַנע, פֿליגל,
בלײַבט דעם ווינט געטרײַ.
שפּילט דער ווינט אַ ניגון,
האַרץ מײַנס, שטיל זײַ, שווײַג!

1947

פריִער־שפּעטער,
מיר פֿאַלן אָפּ, ווי געלע בלעטער
אין האַרבסט, פֿון בוים.
פריִער־שפּעטער,
(אייביק לעבן נאָר די געטער)
יעדער שטאַרבט פֿאַר זיך אַליין.

פריִער־שפּעטער,
דער טויט צו אונדז דערקלעטערט,
יעדער טראָגט אין זיך דעם טרויער פֿון פֿאַרגיין.
פריִער־שפּעטער,
קומען וועט ער
און אין קבר וועט צעפֿאַלן אונדזער טרוקענער געביין.

1947

וואָס דאַרף אַ מענטש דען מער?
אַ שטיבעלע, אַ שטיקל ערד
אַרום,
אַ גערטעלע, אַ בלום,
מיט ליבשאַפט היט עס אָפּ דײַן האַנט;
אַ באַנק אַ צוגעפּעסטיקטע צום וואַנט,
וואָס קענסט אויף איר זיך צוזעצן פאַרנאַכט,
ווען קומסט פאַרמאַטערט פון דער מי,
זיך צוזעצן, פאַרטראַכט,
פאַרקוקן זיך אויף פויגלשן געפּלי...

דײַן קינד קומט צו
און קלאַמערט זיך אָן דײַנע קני.
און ליבלעך איז אַזוי די רו,
ווען זעסט, ווי ס'האָט דײַן זון זיך פרילינגדיק צעבליט
מיט גרינע אויגן צוויי,
וואָס קוקן אָן דיך דורשטיק נאָך אַ טאָג ניט זען.
עס לײַכט פון זיי אַרוים די פרייד:
ער האָט דעם טאַטן נאָך פון ווײַט דערקענט.
איצט קלעטערט ער אַרויף דיר אויפן שויס,
און מעסט אָן דיר זײַן גרויס;
און ווען ער כאַפּט דײַן גאָמבע אָן מיט פרייד,
צעשיט זיך דאַן — אַ גלעקעלע אַ זילבערנער — זײַן קול,
און פרווט אַ רײַב טאָן אָן דײַן באַק די שטעכיקע, נאָך אַמאָל
זײַן האַנט, אַ דורכזיכטיקע ווי אַ גלאָז.
עס דוכט זיך דיר: עס שמייכלט אויך צו דיר די גראָז.

עס קלאַפּט אַ צאַרטע האַנט אין שויב,
איר שטים איז ווייך און וואָרקעדיק — אַ טויב:
— נו, קום אַריַין, דער נאַכטמאָל איז שוין גרייט,
עס שטייט שוין אויפן טיש די זופּ מיט ברויט —
דאָס קינד דאַרף שלאָפן שוין פון לאַנג
און דו, קענסט ניט שיידן זיך פון באַנק.

און אַז דו גייסט אין שטוב אַריַין,
אַנטקעגן קומט דיר די עלעקטרע־שיַין,
און אין דער שיַין צעשטראַלט, עס שטייט דיַין וויַיב
און שמייכלט דיר אַנטקעגן.
עס ליַיכט פון אומעטום אַרוים פאַר דיר איר ליַיב,
וואָס וואַרט אויף דיר, ווי פעלד אויף רעגן.
זי נעמט אַרוים פון דיַינע הענט דאָס קינד
פאַרזיכטיק, ווי פון שטעכעדיקע דראָטן,
און איבער דיר, עס גיט זיך אַ צעצינד
איר אָטעם...

וואָס דאַרף אַ מענטש דען מער
אויף אונדזער ערד? —
אַ שטיבעלע, אַ שטיקל ברויט
מיט זאַלץ,
אַ גערטעלע, אַ בלום,
אַ ליבע פרוי, אַ זון —
און דאָס איז אַלץ...

1948

## אָוונט אין טאָל

די טונקלקייט פאַרוויקלט דאָ דעם טאָל
מיט פינסטערניש ווי מיט גערדיכטן נעפּל.
עס שפּילט דאָ עמיצער אויף אַ פּײַפּיאַל,
און ניגון גיסט זיך איבער גרינע סטעפּעס.

איך ליג ווי צוגעוואַקסן צו דער ערד,
איך ליג און בין בלויז אויג און אויער;
לבנה גלאַנצט פון אויבן ווי אַ קרומע שווערד,
און גיסט אַראָפּ איר מילכעדיקן שטילן טרויער.

אַ פּאַלמע, אַן איינאיינציקע וואָס שטייט דאָ נאָנט —
זי טובלט אין לבנהדיקער שײַן די גרויסע בלעטער;
אַ ווינטל קיל, וואָס קומט פון ערגעץ אָן,
צאַרט אַזוי די פּאַלמע גלעט ער;

און רירט, באַרירט אויך מײַנע ווייכע האָר,
און גיט אַ לאָז זיך איבער פליין און טאָלן.
דערנעבן שטייט אַ קעמל מיט אַ האָרב,
דאָ אין דער נאַכט ווי אויסגעמאָלן.

ער ציט אַרויס זײַן לאַנגן האַלדז, ווי פון אַ שייד,
און זוכט אַ גראָז, אַ בלאַט, אַ דאָרן.
פּראָזשעקטאָר גיט אַ וואָרף אַ סנאָפּ מיט פרייד, —
אַ ליכטיק ווירבלדיקער האָרן.

פון ווײַטן, הער איך, רופט מיך שוין אַ קלאָר־באַקאַנטער קול.
אַן אייזעלע, אַ מידער ערגעץ טוט זיך שלעפּן...
די טונקלקייט פאַרוויקלט האָט דעם טאָל
מיט פינסטערניש, ווי מיט גערדיכטן נעפּל.

1948

אַ, אומעטיק פֿאַלט צו מײַן ברעם.
איך האָב פּאַר אַ גרעזעלע הײַנט זיך פֿאַרשעמט.
אַ גרעזעלע גרין,
אַ גרעזעלע דין,
אַ גרעזעלע צאַרט און ווייך, ווי דער ווינט,
וואָס בלאָזט דאָ אין פֿליין —
האָט אונטער מײַן טראָט זיך צעוויינט.

מײַן אויער געכאַפּט האָט דעם גרעזעלעס זיפֿץ.
איז מיר געווען אַזוי שווער
צו הערן געוויין פֿון אַ גראָז אויף דער ערד.
געוויין פֿון אַ גראָז אונטער אַלעמענס טריט.
געוויין פֿון אַ שוואַכן אין וועלטס אינדערמיט.
ווער טוט זיי דערהערן?
ווער טוט זיי פֿאַרנעמען?
אפֿשר אין הימל די שטערן
און דיכטער און גרייזע באַהעמען?

אין הימל אַ שטערן, ווי אַן אויג האָט געגליט.
איך נויג זיך צום גראָז און וויין מיט אים מיט:
דײַן גורל — מײַן גורל, אויך אויף מיר טרעטן טריט,
באַשוכט און באַצוועקט
מיט אײַזערנע ציין.
דײַן גורל — מײַן גורל,
דער זעלבער געוויין און דער זעלבער געקלעם.

דערפֿאַר אַזוי אומעטיק פֿאַלט צו מײַן ברעם,
ווײַל איך האָב געטאָן היינט אַ זאַך וואָס פֿאַרבאָטן,
איז גרוים מײַן פֿאַרדראָס:
איך דער געטראָטענער, האָב הײַנט צעטראָטן —
אַ גראָז!

1949

## ס׳הענגט דאָס בילד

ווי ס׳הענגט דאָס בילד פון זיידע־באָבע, —
דײַן בליק, מײַן קינד, איז דאָרט געווענדט.
נאָר ווייס, עס האָבן ברוינע ראָבן
זייער מענטש־געשטאַלט געשענדט.

עס וועט דײַן זיידע דיך נישט גלעטן
מיט ווײַסער באָרד, מיט גראָען בלענד.
עס וועט די באָבע מער דײַן בעטל
ניט אויסבעטן מיט אירע הענט.

ווײַל ערגעץ ווו צעשטויבט, צעמאָלן
איז זייער כשר יידיש לײַב,
און איבער בערג און איבער טאָלן —
דער שטורעם זייער אַש צעטרײַבט.

עס כמורען זיך איצט דײַנע ברעמען,
אַ פראַגע בריט דיר אויפן צונג;
איך ווייס, דו קענסט נאָך ניט באַנעמען,
וואָס איך דערצייל, ביסט נאָך צו יונג.

נאָר אַז ווערן וועסטו עלטער, גרעסער,
דערמאָנען וועסט זיך אָט די רייד, —
דאַן יעדער וואָרט וועט זײַן אַ מעסער
געצויגן נאָר וואָס פונעם שייד.

1949

אויפן וועג קײַן אילת, אויפן וועג קײַן אילת,
דו זוך נישט קײַן בוימל, דו זוך נישט קײַן בלאַט;
דו זוך נישט קײַן קערנער, קײַן זאַנג וואָס איז גרין;
און אַז דו וועסט טרעפן אַ יונגן סאָלדאַט, —
דאַן וועסטו פאַרשטיין פונם מדבר דעם זין.

אויפן וועג קײַן אילת, אויפן וועג קײַן אילת,
עס טורעמען בערג זיך אויף בערג אינדערהויך.
און ווי האָט דען ניט אונדזער יוגנט דערגרייכט?
ווי אָדלערס ווי יונגע אַרויף אויפן שפּיץ,
און טיף אינם טאָל זיך געלאָזט ווי אַ בליץ.
עס לויפן די דזשיפּן בײַטאָג און בײַנאַכט —
דאָס אויג פונם חיל איז וואַך.

אויפן וועג פון אילת, אויפן וועג פון אילת,
עס דרייט זיך אין מדבר אַרום נאָר דער ווינט;
דעם וועג, טרעפט, פאַרלויפט דיר אַ שרעקיקע הינד,
קוקט אָן דיך מיט אויגן צעשראָקן און בלאָ, —
אַ שווינדל פאַרבײַ אין די בערג און נישטאָ...

אויפן וועג קײַן אילת, אויפן וועג קײַן אילת,
וועט זיין אי אַ בוים, וועט זײַן אי אַ בלאַט,
און ווי נאָר אַ וואָרף וועסטו געבן דײַן בליק —
וועלן פעלדער מיט זאַנגען זיך טאָן אַ צעוויג,
אַנשטאָט אָט דעם קול פונעם ביקס, פונעם טאַנק,
וועט פריילעך זיך טראָגן דעם שניטערס געזאַנג.

עס וועלן די פּליינען אין לענג און אין ברייט
אונדז געבן סײַ וואַסער, סײַ גרינס און סײַ ברויט.
דאָ וועלן ישובים זיך טאָן אַ צעשיט
אַזוי ווי עס קען און עס מוז אונדזער פֿאָלק, —
דער נגב מיט חן וועט זיך טאָן אַ צעבלי
אַזוי ווי אַמאָל, אַזוי ווי אַמאָל.

1949

דו לאָז מיך זײַן אַ שטײנדעלע פֿון דײַנע בערג,
צעשאָטן בײַ די װעגן,
איך זאָל די גרױסקײַט פֿון דײַן װערק
באַנעמען יעדע רגע —
ברכי נפשי!

דו לאָז מיך זײַן אַ װאָלקן אינדערהױך,
װאָס שװעבט אַ זילבערנער, אַ װײַסער,
און אײַנזאַפּן די טיפֿקײַט פֿון דײַן הױך,
פֿון קײנמאָל־ניט צו גרײַזן.

דו ביסט מיר נענטער אין דער שטילקײַט פֿון די בערג,
אװוּ איך הער דעם פּלאַטער פֿון די ראָבן.
באַשעפֿער! איך — אַ טײל פֿון דײַן געװערק —
באַדאַרף דיך האָבן.

איך פֿיל זיך אַזױ עלנטיק און קלײן
אַנטקעגן פֿעלזן אומשטערבלעך און אײביק,
װײַל איך, דער מענטש, פֿון דײַן באַשאַף די קרױן —
בין שטײביק.

אָן װאָס זאָל איך זיך אָנהאַלטן אָט דאָ
אין מײַן נשמהדיקן ציטער?
הײַנט בין איך דאָ און מאָרגן שױן נישטאָ...
אַ נישטיקײַט אין װעלט — אַ שפּליטער.

איצט הויב איך אויף מײַן בליק צו דיר געווענדט
אין וווּנדערלעכער גאַפונג,
און אויב דו ווילסט פאַרלענדן, נעם פאַרלענד
דײַן אייגענע באַשאַפונג!

דו האָסט אַרײַנגעבלאָזן אָטעם אין מײַן לײַב,
מיט לעבן אָנגעפילט מײַנע מעת-לעתן;
איך וויים, אַז דו באַשטימען וועסט די צײַט
ווען מיך פאַרלעשן!

די בערג דאָ וועלן בלײַבן בערג,
דײַן ווונדער וועלן ווײַטער זיי דאָ וועבן,
נאָר איך, דער מענטש, — די קרוין פון דײַנע ווערק —
וועל דײַנע מעשׂים ניט באַלעבן.

אַ רויבפויגל וועט אונטער הימלען מיט געפלי
אַרומקרײַזן, און זוכן מײַן געביין מיט זײַנע בליקן.
כ׳וועל טויטערהייט דערלאַנגען אים אַ צי
דעם לעצטן צייכן מײַנעם אויסצופּיקן.

ווען אויסגעפּיקט אפילו די סימנים פונעם זאַמד,
און צודעקן עס וועלן מײַן געדעכעניש די שטויבן —
וועט אויך מײַן זעל, אין פלאַמיקער מרכבה אײַנגעשפּאַנט,
דיך לויבן —
ברכי נפשי!..

אין די צפתער בערג
10.10.1949

## מײַן דאָרף

מײַן דאָרף איז אײַנגעטונקט אין גרינס און בליט,
מאַראַנצן־סאָד אַ גאַרטל — אים פאַרוויקלט.
די הײַזעלעך, די װײַסע, גרייטן זיך צום פלי,
אָט נעמט זײ שפּראָצן פליגל.

איעדער שטיבעלע, אויף װײַס געקאַלכט,
מיט קאַכלנע, מיט רויטע דעכער.
די הויכע פאַלמען־בוימער שטייען אויף דער װאַך
מיט װוּנדערבאַר צעבליטע פעכער.

בײַ יעדער שטיבעלע אַ גערטל איז פאַרזייט,
װאָס רינגלט עס אַרום מיט גרינע רינגען.
אַ טייטל, הויך און שלאַנק, אין מיטן דאָרף עס שטייט,
פאַרהויבט צום הימל בלעטער װי די פינגער.

צופוסנס פון דעם טייטל — אַ באַסיין מיט זילבערװאַסער קלאָר,
װאָס פינקלט אין בעטאָן־קאָרעטע, דער שמאָלער.
די װאַסערגראָז, װי לאַנגע דינע גרינע האָר,
אויפן דנאָ דאָרט קאָלערט זיך און קאָלערט.

און אין דער װאַסערגראָז, פאַרפּלאָנטערט אין געװעב,
דורך שטראַלן זוניקע געצונדן,
עס גיט אַ פישעלע אַ גאָלדענע אַ שװעב —
און װערט פאַרשװוּנדן...

מײַן דאָרף האָט קינדערלעך מיט אויגן שװאַרץ,
מיט אויגן בלויע פול מיט יונגן פיבער,
און אויגעלעך װאָס קריכן דיר אַרײַן אין האַרץ —
און בלײַבן איבער.

קעפּעלעך געקרויזט און גלאַט, סײַ שוואַרץ, סײַ בלאָנד,
און רויט אַזוי ווי פֿייער;
איעדער קעפּעלע איז נאָנט, אַזוי דיר נאָנט —
און טײַער.

ווי שוועלבעלעך, זיי פֿליען אָן פֿון קינדערהויז,
אין אָוונטיקער קיל פֿאַרוויקלט;
זיי ציען זיך, ווי צו דער זון אַ רויז,
צו טאַטע-מאַמעס בריקל.

עס קומען טאַטע-מאַמע אָן פֿון פֿעלד,
פֿון קו-שטאַל, פֿון פֿאַרעדיקע מיסטן.
איז גוט אַזוי, בײַם אָוונטיקן שוועל
ווען אַ קינד באַגריסט דיך.

מיט לאַכנדיקע אויגן, פֿריילעכע צו דיר געוועדנט,
עס שפּאַרט פֿון זיי די פֿרייד, ווי פֿון אָפֿענע שפּונטן —
און פֿאַלט אַרײַן פֿאַרבענקט אין דײַנע הענט
די ברוינע, די געזונטע.

מײַן דאָרף איז אײַנגעטונקט אין גרינס און בליט,
מאַראַנצן-סאָד אַ גאַרטל — אים פֿאַרוויקלט;
די שטיבעלעך, די ווײַסע, גרייטן זיך צום פֿלי,
אָט נעמט זיי שפּראָצן פֿליגל...

1950

דער הימל האָט אַראָפּגעלאָזן הײַנט זיך נידעריק בײַ דר׳ערד.
אַ שטורעם בייז איז דורכגעריטן.
לבנה, ווי אַ קורצע קרומע שווערד —
האָט דורך אַ וואָלקן זיך אַדורכגעשניטן.

די כמאַרעס — ווי די ווײַסע וואָל פֿון שאָף —
זיי האָבן דורך דער פֿינצטערניש אַדורכגעליכטיקט.
אַ שלאַנקער ציפּרוס האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף —
און מיטן קרוין זײַנעם אין וואָלקן קריכט ער.

עס בוקן זיך די קוסטעס פֿונעם ווינט,
עס וויגן זיך די הויכע גראַווילייעס.
שאַקאַלן וואָיען דאָ בײַנאַכט ווי הינט,
בײַ זייערע פֿאַרבאָרגן־טיפֿע היילן.

ווי שלייערן, אַ וואָלקן נאָך אַ וואָלקן ציט די נאַכט,
און שטערן לעשן זיך און צינדן זיך, ווי סטראָפּן.
דער שטורעם האָט פֿון ים געזאָלצן ווינט געבראַכט —
און באַלד צוריק אַנטלאָפֿן...

מיט בייזקײַט רײַסט דער ווינט אַ ברעט
בײַ מיר פֿון צריף, פּויקט אין די בלעכן,
אַט ווי עס וואָלט מיט הינערפֿיס אַ שד —
געקלעטערט אויף מײַן דעכל.

איך זע ניט לעם מײַן טיר די שוועל.
דער שטורעם איז אַדורך און אָפּגעוויטערט.
עס ליגט אין נאַכט אַ נאַקעטע דאָס פֿעלד —
און ציטערט.

פון וואַלקאַנס איז דער גרויסער בער אַרויס,
זײַן לאַנגע האַלדז צו צפֿון אויסגעצויגן.
דער הימל לויטערט זיך צו ביסלעך אויס,
צעפֿינטלט זיך מיט שטערנדיקע אויגן...

1950

די שענסטע צײַט פון יאָר איז איצט אין לאַנד.
עס שוימט דאָס קילע ליכט אַריבער ברעגן.
עס גלעט די זון, ווי סאַמעטנער געוואַנט,
אַלע וועגן.

זי פלאַקערט ניט. פרימאָרגנדיק זי גלעט
און וואַרעמט אַזוי שטיל און ליבלעך.
איך טרינק פון איר זיך אָן צו זעט.
אויך אָנגעוואַרעמט שטייען דאָ די שטיבלעך.

פאַרטאָג הענגט נאָך אַ ווײַסער נעפּל אין דער לופט,
ווי ס׳וואָלט זיך דער ירקון אַרויסגעהויבן;
דער נעפּל גיך צערינט, און ווײַסער גוף
צעפלאַטערט אין דער הויך, ווי טויבן.

דיביימער שטייען גרינע. פון דער נאַכט
איז אָפּגעקילט געצווײַג און בלעטער.
אָן אייזעלע שטייט צוגעבונדן צו אַביימל סכך,
אַ רואיקס, ס׳וועט אין ערגעץ ניט פאַרשפּעטיקן.

דער בושל קלײַבט זיך שוין פון דאַנען טאָן אַ פלי,
מיט ברייטע פליגל זײַנע — שוין די לופט צעשאָבן.
און פאַר מײַן פענצטער אַלע אינדערפרי
פליִען דורך אין טשאַטעס שוואַרצע ראָבן.

די פעלדער ציען זיך אַוועק מיט שוואַרצער ערד,
מיט זריעה אין פאַרדעקטע בייטן.
אַ פויגל אַ פאַרבלאָנדזשעטער, אַ גר,
דרייט זיך פרעמד אַרום דאָ ווי אַ שוטה.

אַ קערן וויל ער דאָ ארויספּיקן פון בייט,
נאָר ס׳האָט די זריעה שוין די ערד אַרײַנגענומען...
דאָס פעלד צעאַקערט, אָטעמט איצט מיט פרייד —
מיט שטומען.

1950

## נאָכן רעגן

דער ערשטער פרי־רעגן איז היינט אראָפּ
אויף פעלד און פליין, אויף בוים און דעכער.
די שלאַנקע גראַוויליע, אויפגעהויבן האָט איר קאָפּ
נאָך העכער.

דער נידעריקער פיקוס־בוים מיט גלאַנצנדיקן בלאַט,
פאַרוואָרצלט אין דער ערד, דער פעטער,
האָט אָנגעטרונקען זיך צו זאַט
פון שטאַם ביז בלעטער.

א באַנאַנע־ביימל וואַקסט דאָ ביי מיין שוועל,
מיט אָדערדיקע ברייטע בלעטער, ווי די פעכער,
האָט אויפגעהויבן הויך זיין קרוין צו אַלע זייטן פון דער וועלט —
ווי פולע בעכער.

דאָס פעלד איז נאָך געוואָרן מערער גרין,
מיט ליבשאַפט נעמט אַ וואָלקן אים אַרומעט.
און ביי אַ בלום עס האָט אַ ווילדע בין
זיך בייז צעזשומעט...

עס האָט דער דרויסן אָפּגעאָטעמט פייכט און קיל.
און ווייך אַזוי אַ זונשטראַל טוט מיך גלעטן.
עס ליגט דאָס פעלד און אָטעמט שטיל,
און איטלעכס פייגעלע איז אַ פּאָעטין.

זיי פליען אום דאָ אויף דעם ברייטן פעלד
און זוכן וואָס אַרויס פון פייכטע בייטן,
און לויבן, וואָס די גרויסע וועלט
קאָרמעט זיי פון גרייטן...

שרונער פּליינעז ליגן אויסגעשפּרייט.
דער האָריזאָנט אויף יהודה־בערג ליגט ווי אויף אַקסל,
און אָנגעשוואָלן ליגט די פּעטע בייט
און גרייט זיך וואַקסן.

1950

## צפת

### א. אויף אַן אַראַבישער גאַס

אין צפת,
אויף אַן אַראַבישער גאַס,
שפּילט זיך אַ ייִדיש קינד.
עס קושט פון די בערג אים דער ווינט.

כאָטש ס׳ליגט שוין אין חורבות די שטאָט,
דאָך שטייען נאָך פעסט די מעטשעטן;
נאָר צו דעם אַראַבישן גאָט
קומט שוין קיינער ניט בעטן.

עס שטייען די פּוסטע פיר ווענט,
עס קרישלען זיך רונדע קופּאָלן;
און דאָס וואָס די זון ניט דערברענט —
דער ווינט און די צײַט טוט צעמאָלן.

צופּוס פון מעטשעט ליגט אַ גאָס,
צעשפּרייט מיט אַרויפן, אַראָפּן.
אַ שטאָט ליגט — אַ בלוטיקער שפּאָס,
אַ שטיינערנער באַרג איר צוקאָפּן.

זי קלעטערט מיט אָפּפאַל און ברוך,
עס הענגען אין לופטן די שטיבער,
ווי ס׳וואָלט דאָ אַ שטורעם אַדורך —
און אַריבער.

עס שטייט דאָ אַ וואַנט, ווי זי וואַכט
אַריבער דער שטאָט אָט דער טויטער.
דאָך טרעפט: אין אַ חורבה ביינאַכט
אַ לעמפּל, ווי אַן אויג, ווי אַ רויטע,

צינדט אָן זיך, אַ בלינצל, אַוועק,
אַ לייכט און צוריק ווערט פאַרשוווּנדן.
עס דוכט, ווי ס'וואָלט ווער געלעקט
פון שטאָט אירע בלוטיקע וווּנדן...

ביי טאָג אויף אַ חורבה, אַ קינד,
אַ ייִדיש קינד טוט דאָ רייטן,
עס קושט פון די בערג אים דער ווינט
און לויפט אַוועק ווייטער.

כ׳האָב ליב אַרומצוגיין אויף דײַנע שמאָלע גאַסן,
ווו נידעריקע טירלעך קוקן מיט געלויער,
און קליינע שײַבעלעך, ווי אותיו׳לעך פון רש״י —
באַטראַכטן מיך מיט טרויער.

געפלאַסטערטע שאָסייען — דורך דורות אויסגעשליפן,
עס האָבן אויף די שטיינער דאָ געשפּאַנט נאָך מקובלים,
און דורך די שמאָלע געסעלעך — אָפּגעזעגלט ווי שיפן
צו אַ ווײַטן חלום.

דאָ שוועבט נאָך זייער שאָטן פול מיט אומעט
און הויערט אויף די שטיבעלעך די בלינדע.
ס׳דוכט, אַז זייער גײַסט מיט ליבשאַפט נעמט אַרומעט
די צפתער קינדער.

זיי שטייען דאָ בײַ ווענט, בײַ חרובע, געבויגן,
אין די געסלעך די ענגע דײַנע.
ווער ווייס: דאָס קינד מיט טיפע שוואַרצע אויגן,
אַ ווײַטער גלגול אפשר איז פון יוסף־די־לה־רײַנה?

און דאָס אַ קינד, מיט פאותן ווי צעפּלעך גראָדע,
וואָס פון אַ סידור זינגט אַרויס אַ שורה,
אפשר רוט אין אים די נשמה פון אר״י הקדוש,
ר׳ יצחק לוריע?

עס גליטשט די אַלטע שטאָט אַראָפּ זיך צום בית־עולם,
פאַרשלעפּט מיט זיך ר׳ שלמה אלקאבצעס ניגון — —
עס וויגט דער ווינט די חורבות אָפּגעשיילטע, הוילע,
דער אַלטער ווינט טוט זיי פאַרוויגן:

„אײַ-לע-לו-לע, אַלטע צפת,
אײַ-לע-לו-לע.
דורות שטײסטו מיד און מאַט
אין די בערג אַרײַנגעטוליעט.

ס׳בענקט זיך דיר נאָך דעם אַמאָל,
קענסט דײַן קוק נאָך ניט אָפּווענדן
פֿון די בערג, פֿון טיפֿן טאָל,
אײַנגעוויגטע אין לעגענדן.

אײַ-לע-לו-לע, אַלטע צפת,
ביסט געווען און ביסט פֿאַרבליבן
מיט די געסלעך, לאַבירינטן...״

ווי אויף סטרונעס אויסגעריבן,
עס שפּילן איצט אויף איר די ווינטן.

1950

עס האָט מיר אין האַרצן דערלאַנגט הײַנט אַ ציטער,
אַ צי
צו די קלייניגקע תימנער ייִדן, מיט די בערדעלעך שיטער —
איך זע זיי דאָ אַלע אינדערפרי
אין געאײַל צו דער מי.

די שווערע טוריעס פאַרוואָרפן אויף אַקסעלעך שמאָלע,
אַ געפלאָכטענעם קוישל אין האַנט;
און באָרוועס, אַריבער די ברעג און די טאָלן,
מען שפּאַנט
אין אויסגעחלומטן לאַנד...

עס ליגט נאָך דער חלום אויף ברעמען, אויף שוואַרצע,
דער קוק גליט אַפער.
די טשופּרינעס, ווי אַ „של ראש", ביי זיי שטאַרצעט
פאַרריסן און שווער,
און באָרוועסע פּיאַטעס קושן די ייִדישע ערד.

און שפּאַנט מען אַרײַן אינעם סאָד — איז, להבדיל, אין קדשי־קדשים,
דאַן הענגט מען די קערבעלעך אויף אויף אַ בוים,
מען גיט זיך אַ נעם צו די אײַזערנע פּיאָשן —
און וואָר ווערט דער טרוים:
מען אַקערט די ערד און מען פּילט ניט, ווי ס'גייט אָפּ דאָס לײַב
אין אַ שוים.

ביי מיטאָג זעען די ייִדעלעך אויס ווי איילבערט געווייקטע.
מען סאַפּעט אין בערדעלעך שוואַרצע און גרוי.
די קערבעלעך נעמט מען אַראָפּ, מען צעלייגט עס:
אַ זית, אַ שטיקעלע ברויט
און כאַלוועס אַ לויט.

מען גאָרגלט דאָס וואַסער, מען עסט און מען ניגונט,
אונטער אַ בוים אָנגעלענט.
מען טרײַבט מיט אַ צווײַג אָפּ די פליגן
וואָס קריכן זיי גלײַך אין די הענט,
אונטער דער זון וואָס עס ברענט.

פּאַרנאַכט נאָך דער אַרבעט גייט מען געאָרעמט, ווי ברידער —
מיט שווייסיקע בערד,
מען גייט און עס זינגען אין מידקײַט די גלידער
אַרויס דאָס פרייד פון דער אייגענער ערד,
וואָס איז דאַ באַשערט.

און בײַ די געצעלטן — געפלאַכטן פון ים־ראָר און ריטער —
עס גריסט
זיי דאָס פּיצינקע ווײַבל, מיט זיתים און פּיתה׳ס,
צעשטויסענע נים
און וואַסער אויף וואַשן די פיס.

מען וואַשט אָפּ דעם שטויב פונעם גוף, פונעם מידן,
און ברכות צו גאָט
שיקט מען אָפּ,
אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר אַ ייִדן,
דאָ, אין דער תימנער שטאָט.
די קינדער — אַרום אין אַ ראָד.

דער אָוונט פאַלט צו, און בײַ די געצעלטן —
די תימנער ייִדן אויף דר׳ערד,
מען חשבונט גימטריהס, מען בויט און מען מאַכט חרוב וועלטן,
מען קראַצט זיך די שיטערע בערד
ביז — ס׳לעשט זיך די ערד...

1950

איך שפיר
די בענקשאַפט פון דורות אין מיר.

מײַן זיידע — געשטערבט האָט דאָ זײַן.
מײַן טאַטע, אַ פארחלומטער נביא,
געטרוימט האָט פון טייטלען און ווײַן
און פון כותל מערבי.

אין חצות פלעג איך אויפכאַפּן זיך,
און אויכעט די קלענערע ברידער —
געזען ווי מײַן טאַטע, אָן שיך,
קלאָגט תפילות אַרוים פונעם סידור.

ער וויינט אויפן צער פונעם לאַנד
וואָס ליגט דאָרט אין חורבות פאַרוויסט,
די אויגן געווענדט צו דער וואַנט,
ווי ער וואָלט פון ווײַטן באַגריסט...

מיט אים איז זײַן טרוים אויך אַוועק,
צעפאַלן, ווי טרוקענע ביינער.
זײַן גוף — די ערד האָט פאַרדעקט,
פון אויבן — דרײַ פּשוטע שטיינער.

זײַן בענקשאַפט אין מיר איז אַרײַן,
איך טראָג איר מיט זיך אין מײַן וואַנדער.
זײַן חלום פון טייטלען און ווײַן —
האָב איך אין אַן אמת פאַרוואַנדלט.

מײַן כרם גײט אויף, זיך צעבליט
מיט הענגלען, מיט צײַטיקע טרויבן.
אויף ייִדישער ערד מײַנע טריט
פֿאַרשיכורטע טוען זיך הויבן.

מײַן הימל — באַגינענדיק־בלוי,
די ערד איז אַ שוואַרצע, אַ פֿעטע.
פֿאַרטאָג, ווי בורשטין גלאַנצט דער טוי
אויף טרויבן, אויף בלעטער.

מיט זאַפֿטן איז פֿול יעדער טרויב,
אין הויטן גרין־ראָזע און גלאַטע,
הויך איבערן קאָפּ מיר אַ טויב
דערלאַנגט אַזאַ פֿרײלעכן פֿלאַטער.

אַ סטעזשקע, אַ שמאָלע מיך פֿירט
צו מײַן צעלט, צו מײַן בריקל.
איך שפּיר —
ווי דורות פֿון בענקשאַפֿט דורך מיר האָבן געקראָגן אַ תיקון.

1950

מײַן ליד, וואָס האָט מיך טרײַ ביז הײַנט באַגלייט
באַפעלט מיר: רייד!
דו רייד, דו רייד פאַר ווענט, פאַר טיר, פאַר שויב,
ווײַל ערגעץ ווען דערגיין דײַן וואָרט, אַ גלויב!
ווייל ס'איז די נאַכט נאָך נישט, ווי דו מיינסט, שוואַרץ.
גלויב, ערגעץ וועט עס אָנטרעפן אַ האַרץ,
אַ האַרץ וואָס לאַכט פון פרייד, פון טיפן צער עס וויינט.
אַ האַרץ וואָס וויל ווי דו פאַרשטיין
און קען דאָך נישט באַנעמען אַט דעם בלענד,
ווי ס'ווערט אַ מענטש דורך מענטש געשענדט
און ווערט צעטראָטן.

עס קײַקלט זיך דער וועג צו דער גולגתא — — —

אַזוי ווי דו איז דאָ אַ סך, אַ סך
וואָס איבער זיי עס הענגען אַט די העק.
זײַ, דיכטער, וואַך
און וועק!

1950

## הללויה!

וויגט מײַן פעלד
זיך ליכטיק העל.
הללויה, זינג מײַן זעל!
זינג־און־זאַנג
צו די זאַנגען אַ געזאַנג:
הללויה!

קעפּ שוין גאָלדיק, צײַטיק, שטײַף,
קערנער פולינקע און רײַף,
ס'פּלאַצט דאָס העמדעלע, דאָס דינע.
אויף מײַן פעלד עס רוט די שכינה.
פון מײַן שווייס איז אויפגעגאַנגען
פעלד מיט גאָלדיק פולע זאַנגען.
ס'וואַרט מײַן שײַער שוין אויף תבואה:
הללויה!

קוקט זיך אײַן, אַ, מענטשן גוטע, —
אָוונט אויף מײַן פעלד צעבלוטיקט
רינט.
און די זאַנגען, שלאַנק און דין,
האָבן איצטער אויפגעוואַקסט,
דאַוונען מנחה אין פאַרנאַכט
טיף פאַרטיפט אין אַ כוונה.
באַלד וועט אויפגיין די לבנה
און אַ בלאָז טאָן וועט דער ווינט
אין דער תבואה —
הללויה!

ווי אין מיטן ים אַ שיף, —
שווימט לבנה הויך און טיף;
לײַכט איר ליכט אויף אַלע וועגן,
הויבט דעם ים אַרויס פון ברעגן,
און זי הויבט זיך, הויבט זיך העכער,
שפּאַנט אַריבער רויטע דעכער.
נישט זי שרעקט,
נישט זי וועקט, —
האַלב פאַרשלאָפן
גייט און גייט.
צו מײַן פעלד האָט זי געטראָפן,
זיך דערפרייט —
הללויה!

וויגט מײַן פעלד זיך מיט לבנה־ליכט באַגאָסן,
זאַנגען פון דער ערד אַרויסגעשאָסן
רײַף,
וואַרטן רויִק אויף דער קאָסע,
וועלכע שטייט שוין אויסגעשליַיפט.
און דער שײַער
שטייט אויך הײַיאָר
הונגעריק צו גאַרבן תבואה, —
הללויה!

1950



## אין פעלד

אצא לי השדה ואשמע...

ביאליק : „בשדה"

איך בין היינט אין פעלד דאָ
אַלץ טיפער און טיפער פאַרגאַנגען.
ווי מיט לאָקן אַ פרוי,
עס שפּילט זיך דער ווינט מיט די זאַנגען.

איך הער דאָס געראַויש, דאָס געשעפּטש,
דאָס פעלד זאָגט אַ שטילע נבואה.
איך נייג צו מיין אויער און הער,
ווי ס׳רעדט גאָט אַרויס פון דער תבואה.

איך קום איצט אַריין אין איר טיף,
עס רינגלען מיך זאַנגען ווי ברידער;
און פול איז דאָס האַרץ מיינס מיט פרייד —
מיט מונטערע לידער.

אַ, ניין, ניט ווי ביאַליק אַמאָל טו איך
מיין פּנים אין דר׳ערד טיף באַהאַלטן, —
ווייל איך האָב געאַקערט דאָס פעלד,
ווייל איך האָב די תבואה געשטאַלטיקט.

מיין שווייס איז גערונען אָט דאָ
אויף דורות־פאַרטריקנטן באָדן,
און איצט שיסט אַרויס יעדע זאַנג
מיט כוח, מיט מיינעם באַלאָדן.

אין קערן וואָס ליגט אין זײַן הויט,
האָב איך דאָך אַ טייל און אַ חלק.
טו אויסעט, מײַן פֿרײַנט, דײַנע שיך,
ווײַל ס'איז יעדע גרודע דאָ הייליק.

דו קוק, אָט ווי גאָלדיק דאָס פֿעלד
באַוועגט, ווי אַ ים, זיך דאָ כוואַליק.
אָ, ניין, ניט פֿאַראָעמט שטיי איך,
ווי דאָרטן בײַם פֿעלד אַמאָל ביאַליק...

ווײַל איך האָב מײַן כוח פֿאַרשפּרייט
אויף די ייִדישע פֿעלדער וואָס וואַקסן,
דאָס מיסט צו באַפֿעטן די ערד,
געשלעפּט האָב איך אויף די אַקסל.

צוגלײַך מיט די שפּראָצן געוואָרט,
האָב איך אויף דער ברכה פֿון רעגן;
און לויב האָט געשעפּטשעט מײַן ליפּ —
צו זריעה, וואָס אין דר'ערד איז געלעגן.

איך האָב יעדן טאָג דאָך באַוואַכט,
ווען זאַנג האָט פֿון דר'ערד זיך געהויבן
אויף שטרויעלעך גרינע און דין,
אַזוי ווי אויף פֿליגלען פֿון טויבן.

איך האָב זיי געמאָסטן די הויך:
אָ, קוקט, ביז די קני, ביז די אַקסל!
גאָטס וווּנדער געזען יעדן טאָג
פֿונדאַסנײַ, ווי ברויט טוט דאָ וואַקסן.

און איצט ווען געריַיפט האָט מיַין פעלד
מיט גאָלדענע זאַנגען, ווי לאָקן,
איצט שטיי איך צעטומלט פון פרייד —
עס האָט מיך די ברכה דערשראָקן;

דערלאַנג איך אַ פאַל צו דער ערד,
מיט שמחה מיט גרויסער באַלאָדן.
איך ליג איצט פאַרטיַיעט און פיל
די זיסקיַיט פון אייגענעם באָדן.

אַ ייִד גייט אַרוים צו זײַן פעלד,
נאָך איידער עס טאָגט;
זעט ער:
עס וויגט זיך אַ נעפּל אַ ווײַסער
אויף צײַטיקע פעלדער.
פאַרטאָגעדיק בלאָ ליגן אַרומיקע וועלדער.
מיינט ער, ער לייענט אַ מעשׂה.

גייט ער באַזאָכט
און באַטראַכט
דעם אַרום:
די בריאה ליגט שטום
און זי שווײַגט.
אַ בוים גיט אַ וויג מיט אַ צווײַג;
דער נעפּל צעגייט זיך, ווי אײַז;
דער מזרח ווערט העל און ווערט ווײַס
און ווערט ווײַסער...
מיינט ער, ער לייענט אַ מעשׂה.

שטעלט ער זיך דאַווענען, צו מזרח געווענדט,
דאָס פּנים פאַרדעקט מיט די ברוינלעכע הענט.
מע הערט ניט קײַן וואָרט וואָס ער זאָגט.
דער דרויסן טאָגט.
צעשטרײַט גלעט דער ייִד אַ קאָפּ פון אַ צײַטיקער זאַנג,
הערט ער ווי עמיץ אין פעלד ציט דעם „שמע" אַזוי לאַנג,
קוקט ער זיך אום און זעט: עס העלט,
אַ ווײַסע געשטאַלט איז מתפּלל אין פעלד
און בענטשט דאָ דעם זאָמען —
ענטפערט ער:
„אמן".

## דער דאָרן

עס טרינקט מײַן אויג זיך אָן מיט גרינס
ביז מידקײַט, ביז פֿאַרשלעפּער.
איך הער אין זיך אַ קול, אַ דינס:
און דו ביסט דער באַשעפֿער.

דו האָסט דײַן שווייס פֿאַרגאָסן דאָ,
באַוואָסערט יעדע גרודע;
איצט האָט געגעבן אַ צעוואָקס,
מיט לעבן איצט דאָ שפּרודלט.

דאָס פֿעלד מיט זאַנגען וויגט זיך איצט
אַ ליכטיקע, אַ גרינע.
נאָר פֿון דער זײַט אויף מיר עס בליצט
אַ דאָרן פֿול מיט שׂנאה.

איך האָב די דערנער אויסגעיעט,
מיט וואָרצל אויסגעריסן;
נאָר דער האָט זיך בײַם ברעג פֿון פֿעלד
אין דר'ערד אַרײַנגעביסן.

צעווישן זאַנגען שטייט ער דאָ,
לעבט איינזאַם און באַשיידן, —
ער האָט אַפֿילו נישט קיין וואָרט
מיט וועמען אויסצורײדן...

ער גיט אויף מיר אַ בייזן בליק,
אַ שאָס מיט ווילדן צאָרן.
מײַן פֿעלד האָט זיך דערלאַנגט אַ וויג
און צוגעדעקט דעם דאָרן...

ווערטער מײַנע. קומען ווידער, קומען
אין דער אָוונטיקער שעה,
שורות נײַע ברײַען אויף מײַן גומען,
שורות, וועלכע איך פֿאַרצייכן דאָ.

שורות, וואָס איך צייכן אויף די ווײַסע בלעטער,
פֿינטל אָן מיט שטילע תּפֿילה־רייד.
ווערטער האַלבע, ניט דערערדטע,
ווערטער, אָפֿט צעשפּאָלטן און צעצווייט.

ווײַל נישט אַלעמאָל די גאַנצקײַט איז אין מיר פֿאַראַנען,
שאַרפֿער צער גיט אָפֿט אין מיר אַ שנײַד;
און נישט שטענדיק כ׳האָב פֿאַרשטאַנען
פֿונם ווייטאָק דעם באַטײַט.

איך לאָז אַרײַן זיך טיף, ווי אין אַ ברונען,
וויל דערגריבלען זיך צו קלאָרער וואָר, —
מיטאַמאָל דערפֿילסטו: אַלץ איז אויסגערונען,
און פֿון צער דיר פֿרירן וואָרצלען פֿון די האָר.

בלאָנדזשעסט דורך די טעג, דורך טיפֿע לאַבירינטן,
און דער דורכגאַנג ענג אַזוי און שמאָל.
ווי אין שפּין־געוועב דער לויף פֿון טעג פֿאַרשפּינט דיך,
און יעדער טאָג דערמאָנט: באַצאָל! — — — —

קומען ווערטער, קומען אָן מיט שויבער,
זעצן זיך אין האַרצן אויפֿן דנאָ:
רעדט דײַן וואָרט, צו וועלט, צו טויבער,
וואָס פֿאַרנומען איז מיט מאָרד.

ווערטער זענען איצטער זאַמד און שטויבן,
שטורעם גיט אַ הויב און גיט אַ טראָג...
ווויל איז יענעם ווער עס האָט נאָך גלויבן
סײַ אין וואָרט און סײַ אין מאָרגנדיקן טאָג.

1950

א

פון דײַנע שוואַרצע טבתדיקע נעכט, מײַן לאַנד,
אַ, לאָמיר זײַן אין ייִדיש דער באַזינגער.
די פינצטערניש כ׳טאַפּ אָן אָט ווי אַ וואַנט,
דער רעגן קלאַפּט אָן מײַן געצעלט מיט קאַלטע פינגער.

אָט ווי דער פּיקוס-בוים וואָס שטייט לעם מײַן געצעלט
און ווײנט טוט אַלע נאַכט אין זײַנע צווײַגן קלאָגן, —
האָב איך זיך הײַנט אין דרויסן אָפּגעשטעלט
און נאַ, און נעם, דו הפקר־רעגן, צוואָגן!

עס רינט פון מיר דאָס וואַסער אין געשטראָם,
און לײַב און העמד איז איינס געוואָרן,
די נאַכט איז, ווי אַ טיפער אָפּגרונטיקער תהום,
באַפאַרבן מיט אַ וואָלקנדל אַ קלאָרן.

די גאַנצע וועלט איז רעגן, נאַכט און ווינט.
ווּ ענדיקט מײַן געצעלט זיך, ווּ הויבט זיך אָן דער דרויסן?
עס שטייען דאָ די שטיבלעך פינצטער, בלינד
נאָר ערגעץ לײַכט זיך נאָך אַ שויב אַרויסעט.

דאָרט זיצט אוודאי נאָך מײַן חבר דער פעלאַך
און קוקט אַרײַן אין זײַנע ספרימלעך די שמאָלע;
זײַן טאָג — פאַר מי, נאָר בײַדערנאַכט —
אַריבער ביכער, ווי אַמאָל זײַן זיידע איבער דער קבלה.

געלוסט זיך מיר אַ קלאַפּ טאָן אין זײַן וואַנט
מיט חברישע, מיט ציטערדיקע פינגער...
פון דײַנע שוואַרצע טבתדיקע נעכט, מײַן לאַנד,
אַ, לאָמיר זײַן אין ייִדיש דער באַזינגער.

ב

די ערד ליגט אַנגעטרונקען שוין און זאַט
און פון די בערג עס לויפן מוטנע שטראָמען,
און איך בין מיד אַזוי און מאַט
פון שטענדיק גיין בײַ פינצטערע תהומען.

דער שטורעם האָט שוין אָפּגעשטורעמט לאַנג,
עס לויטערט זיך, די נאַכט ווערט העלער, העלער;
און ווי אַ לופטיקער און לײַכט געזאַנג,
עס שפּאַרט זיך דורך אַ וואָלקן דער לבנהס ווײַסער טעלער.

אַ פּאַלמע, נאָס פון רעגן, צינדט זיך אָן ווי אַ לאָמטער.
עס פליִצן פארבן פון די לאַנגע בלעטער,
און איך בין אויג און אויער — זע און הער:
אַ וואָלקן אויף אַ וואָלקן היפּערט אין געקלעטער.

ווי זעגלען בלענדן אויפן שווארצן פּאָן
פון נאַכטשטורעם-געצוואָגענע, ברעזענטענע געצעלטן.
מיר דאַכט, זיי וועלן באַלד אַ זעגל טאָן
צו ווײַטע, נײַע, אומבאַקאַנטע וועלטן.

אַ שפּאַר טאָן וועלן זיי פון בערגל אין געדריק,
אַ לאָז טאָן זיך, אַ כוואַליע טאָן אין נידער;
און ווי דער שטורעם וועלכער קומט צוריק,
וועלן זיי אויף מאָרגן אויסוואַקסן דאָ ווידער.

דער שטורעם האָט שוין אָפּגעשטורעמט לאַנג,
די נאַכט ליגט ווי אַ שוואַרצער פּורעם;
נאָר אין מיר ציטערט נאָך געזאַנג,
ווי בלעטער אויף די ביימער נאָכן שטורעם.

1950

שוין פערציק יאָר. ווי דורכגעלאָפֿן גיך!
באַלד צוואַנציק יאָר ווי איך שרײַב לידער.
און אויף מײַן קאָפּ גייט אויף אַ רונדער פּליך,
און מידקײַט פּילט מיט בלײַ אָן מײַנע גלידער.

שוין פערציק יאָר. אַזאַ מהלך וועג,
אַ פּחד פֿאַלט אַ קוק טאָן אויף אַהינטער.
די הייסע זומערס האָבן מיך געלעקט,
געפֿרירט האָב איך אין טעג פֿוןווינטער.

מײַן צריפֿעלע, פֿון סאָסנע־ברעטער דין,
אַ, וויניק־וואָס געשיצט האָט מיך זײַן שאָטן;
נישט איינמאָל אין אַ פֿלאַמיקן כאַמסין
האָט מיך די היץ ביז ביין אַדורכגעבראָטן.

דאָך האָב איך ליב מײַן דאָרף, די מידע מענטשן אַרום מיר,
און אַלץ וואָס האָט מיך דאָ געזעטיקט.
אין אָוונט נאָך דער אַרבעט, בײַ אַ ווײַס פּאַפּיר,
זיץ איך אָנגעבויגן ביז אין שעה אין שפּעטער.

דער קאָפּ איז שווער, די ביינער ברעכן מיד,
און דאָך אין האַרץ דערפֿיל איך אַזאַ קוועלונג.
און שורות צייכן איך, עס וועבט זיך שטיל אַ ליד,
וואָס וויגט זיך אין מײַן בלוט אויף רויטע וועלן.

און זע, די לידער זײַנען פֿון מײַן קליין געצעלט
צעפֿלויגן ווײַט, ווי ווײַסע טויבן,
צעשפּרייט זיך איבער גאָר דער ייִדיש־וועלט
און אָנגעקלאַפּט אין האַרצן און אין שויבן...

שוין פֿערציק יאָר. ווי דורכגעלאָפֿן גיך!
באַלד צוואַנציק יאָר, אַט דאָ אין לאַנד, אַ פֿויער.
און דורך דער מי גייט אויף מײַן ליד,
מײַן ייִדיש ליד אין פֿרייד און טרויער.

1951

## אין נעפּל

דער דרויסן איז אין נעפּל אײַנגעטונקט,
דער הימל — ווי פֿאַרקופּערטער טשוגון.
אין מזרח גיט אַ שפּריצל, ווי אַ פֿונק, —
אַ שטיקל זון.

די גראָזן זענען אויסגעוווייקט אין טוי,
און טראָפּנס טריפֿן: טראָפּ און טריף.
פֿון ווײַסן נעפּל שיילט זיך אויס אַ הויז,
ווי אַ צעבראָכן שיף.

פֿאַרדעקט זענען די ווײַטן און פֿאַרשטעלט,
ווי פֿאָרהאַנגען וואָלט גאָט אַראָפּגעלאָזט;
עס דוכט, ווי פֿון דער גאָרער גרויסער וועלט
געבליבן איז דאָס שטיקל טעפּיך־גראָז.

נאָר אומגעזעענע פֿויגלעך אין אַ בוים
זינגען שירה אין פֿאַרטאָג...
פֿון ווײַטן פּאַטשט דער ים מיט ווײַסן שוים
און שלאָגט זיך קאָפּ־אָן־זאַמד, און שלאָגט.

איך פֿיל זײַן קילקײַט אין די פֿינגער, אין די קני,
ער לעקט מײַן פּנים און קנעכל מיט זײַן קיל.
איך זע אים נישט, דעם ים, נאָר כ׳שפּיר
זײַן וווּנדערבאַרע שפּיל...

פֿאַרשלאָסן איז אין נעפּל הײַנט די וועלט,
נאָר איך, פֿיל דווקא זיך אַזוי אָ גוט;
אַ פֿרייד אַ פֿרילינגדיקס האָט זיך אין מיר צעקוועלט
אין דער מינוט.

1951

אַ פּעטע קראָ האָט אויפֿן פּלויט זיך היינט צעקראַקעט,
אַ שוואַרץ, אַ קראַאיש ליד.
מײַן טאַפּאָלבוים וואָס שטייט אַ גאַנצן ווינטער נאַקעט,
האָט זיך מיט קנאָספּן היינט צעבליט.

איך קוק זיי אָן די ברוינע קנאָספּעלעך, די לאַנגע,
וואָס קריכן אויפֿן צווײַג;
זיי קלעטערן ווי קערנדלעך פֿון זאַנגען,
אין געשטײַג.

אַ ביימעלע אַ דינס איז מײַן טאַפּאָליע,
אַ יונגינקער, אין גאַנצן אַ יאָר נײַן, —
אַ יעדן זומער וואַקסט ער זיך פּאַוואָליע,
אין מיטן ווינטער — שלאָפֿט ער אײַן.

נאָר ס׳שלאָפֿן ניט די קוסטעלעך די גרינע,
וואָס ווי אַ גאַרטל נעמען אים אַרום,
עס שלאָפֿט אויך ניט דער ציפּרוס־בוים דער דינער;
אין גערטעלע עס שלאָפֿט אויך ניט די בלום.

אַ גאַנצן ווינטער גרינט דאָ דער אַרומעט
מיט גראָז און קוסט, מיט בוים און בלי,
נאָר מײַן טאַפּאָליע, אַ פֿאַרוויקלטע אין אומעט,
ווי ניט געוועזן וואָלט דאָ הי.

זי איינע שטייט דאָ, ווי אַ וויסטער דאָרן,
אַ גאַנצן ווינטער נאַקעט, הויל,
אָט ווי אויף איר וואָלט זיך דער בייזער צאָרן
אויסגעגאָסן פֿון גאָטס מויל.

נאָר הײַנט אין פֿרילינגטאָג, מיט ליכטיקע געוועבן,
האָב איך דערזען מײַן בוים ער שטײַגט, —
עס האָט אין אים זיך אויפֿגעכאַפּט צום לעבן
שטאַם און צווײַג.

1951

## עס הויבט זיך דער הימל

עס הויבט זיך דער הימל אַלץ העכער,
די זון — אַ צעשמאָלצענער גלאָק.
פון בלימעלעך — פולינקע בעכער —
עס נאָגן די בינען דעם סאָק.

אַ זשוק מיט צעעפנטע פליגל,
ער קלעטערט אויף גרודעס און פרײַכט.
אַ שטיקעלע גלאָז, ווי אַ שפיגל —
אין ליכטיקן טאָג זיך צעלײַכט.

אוועק זענען טעג שוין מיט כמאַרעס,
מיט וואָלקנס — געוועלבטער קופּאָל;
און ווידער די זון דאָ אַ האַר איז,
און שיט אויף דער ערד אָפּ איר גאָלד.

ס׳פאַרשיכורן ריחות שאַרף־שאַרפע
פון בליאונג, מאַראַנץ און ציטרין.
די גריל אויף איר איידעלער האַרפע,
זי שפּילט אַזוי פרײַ ווי דער ווינט.

די פעלדער מיט זאַנגען געצײַטיקט
זיי ציען אוועק זיך אין ווײַט, —
און טיף־טיף, מײַן האַרץ, מײַן צעוויטיקט,
פון פרייד און פון צער זיך צעשרײַט...

1951

צו מיר אין שויב אַ שטערן העל
איז אומגעריכט אַרײַנגעפֿאַלן...
איך הער ווי אין דעם נאָנטן פֿעלד
יאָמערן שאַקאַלן.

אַ גריל אין גראָז, עס גיט אַ זעג,
אַ פֿלעדערמויז איז דורכגעפֿלויגן;
אַ קאַץ זיך גנבֿעט אויפֿן וועג
מיט פֿאָספֿאָר אין די גרינע אויגן.

איך הער זיך אײַן צום דרויסן: שפּעט,
עס שלאָפֿט שוין דער אָרומעט;
און איך, אַ יידישער פּאָעט —
צעריסן ווער פֿון ימען אומעט.

איך שטיי בײַם שויב און קוק זיך צו:
אַ גאַנצע וועלט טוט שלאָפֿן...
נאָר איך אַליין האָב נישט קיין רו,
און זוך עס אין די סטראָפֿן...

1951

איך קוק אים אָן
דעם קליינעם ייִנגעלע — אַ דאַרער שפּאָן.
ער לויפֿט אַרום אין גאַס און שרײַט:
„ע־ת־ו־ן!"

זײַן לײַב, אין שמאַטקעלעך געוויקלט,
זײַן היטעלע — פֿאַרשאַרט ביז אין דער הויך;
די קורצע הייזעלעך, פֿאַרבונדן מיט אַ שטריקל
אַרום בויך.

זײַן קינדער־שטימעלע זאָגט אָן
די נײַעס.
„ק־נ־ו ע־ת־ו־ן! ק־נ־ו ע־ת־ו־ן!
אַ פּיאַסטער איז דער פּרײַז..."

די ייִנגעלעך, די אַנדערע, ווי ער,
זיי זיצן לערנען, שפּילן זיך אין רייפֿן,
נאָר אים דער גורל האָט באַשערט
די צײַטונגען פֿאַרקויפֿן.

איך קוק אים אָן דעם ייִנגעלע, איך רוף אים צו —
די אויגן זײַנע טיפֿע, שוואַרצע ווי די נאַכט.
איך פֿרעג: מײַן קינד, ווי אַלט ביסטו?
— שוין לאַנג געוואָרן אַכט! —

ער שטופּט אַ צײַטונג מיר, ווי מיט פֿאַרדראָס,
און קוקט מיך אָן פֿאַרשײַט.
איך וויל אים פֿרעגן, ווער און וואָס?
נאָר ער: — נישטאָ קיין צײַט!

זײַן טשופּרינע צעשויבערט אויפֿן ווינט,
אין דינע הענטעלעך — די צײַטונגען אַ פּאַק.
אַן עופּה׳לע, אַ פּיצל קינד,
און שלעפּט דעם יאָך שוין אויפֿן קאַרק.

ער גיט אַ שווים אין דעם געדראַנג און שוין נישטאָ
(עס שטייען מיר אין די אויגן טרערן).
פֿון ווײַט דערטראָגט זיך נאָך זײַן קול:
„ע־ת־ו־ן־ע־ר־ב! ע־ת־ו־ן־ע־ר־ב!״

1951

אַ שוואַרצע נאַכט אינדרויסן,
דער צימער — פול מיט ליכט.
אין בלומען-בעכער — רויזן,
אין שפּיגל — מײַן געזיכט.

בײַם שלייף — די האָר געזילבערט,
מײַן נאָז איז עטוואָס לאַנג.
אַליין כ׳בין פול מיט פיבער,
דאָס האַרץ — איז פול געזאַנג.

עס גייען, קומען ווערטער,
ווי טויבן וואָרקען שטיל.
אַזוי איז שוין באַשערט מיר,
מיט ליד זיך טאָן אַ שפּיל.

מיך נאָגט אַ וויסטער טרויער,
און בויערט פײַנלעך, קלאָר:
וווּ איז יענער אויער,
וואָס הערט דײַן יִדיש וואָרט?

דאָס וואָרט וואָס דו פאַרמויערסט
אין העפט בײַ דיר, אין שטוב,
וווּ איז יענער אויער
וואָס הערט צו דעם זיך צו?..

אַ שוואַרצע נאַכט אין דרויסן,
מײַן צימער פול מיט ליכט...
אין העפט וואָס פול מיט אותיות
באַהאַלט איך מײַן געזיכט.

1951

**דאָס פּלעמל**

אַ וואָרט אויף מײַן צונג מיך איצט בריט,
אַ וואָרט אויף מײַן צונג, אויף מײַן גומען;
אַ בענקשאַפט באַגלייט מײַנע טריט,
מײַנע שטומע.

איך גיב זיך אַ וואָרף אויפן בעט,
איך וויל מיך אַליין איצט דערהערן.
איך זע, ווי עס ווײנט דער פּאַעט
אויף זײַן איינציק פאַרלאָשענעם שטערן.

— וואָס ביסטו פאַרנורעט אין זיך?
וואָס ביסטו אין ווייטיק פאַרשלאָסן?
— קוק אײַן זיך, מײַן איינציקע ליכט
דער שטורעם, דער בייזער פאַרלאָשן.

איך האָב אָט דאָס ליכטל געהיט,
פאַרדעקט אים פון אַלע פיר זײַטן,
דער פלאָם מיינע הענט האָט געבריט,
דאָך האָב איך דאָס ליכט ניט דערוווײַטערט.

נאָר ווינט איז אַרויף, ווי אויף רויב,
דערשטיקט אים אין גאַנצן דאָס פּלעמל,
און איצטער עס פינצטערט מײַן שויב, —
ווי אַ פּוסטע, אַ ליידיקע רעמל...

עס וויינט דער פּאָעט מיט געבליפּ.
איך איינער, איך שווײַג, טו נישט וויינען,
אַ ליפּ שאַרף פאַרפרעסט אויף אַ ליפּ,
ווי אַ שלאָס פאַרהאַקט אַלע ציינער — — — — —

אַ וואָרט אויף מײַן צונג מיך איצט ברית,
אַ וואָרט אויף מײַן צונג, אויף מײַן גומען;
ווער ס'האָט ניט דאָס פּלעמל געהיט,
פון אים איז דאָס פּלעמל אַנטרונען!

אָקטאָבער 1951

דער אויטאָ לויפֿט, עס פּאַטשן ריטמיש זײַנע רעדער.
פֿון איין זײַט — פֿעלד, פֿון צווייטן זײַט — מאַראַנצן־סעדער.
דער אויטאָ לויפֿט איצט אויף אַ באַרג, — אָט נידערט ער אין
טאָל אין טיפֿן.
הויך אויפֿן הימל שווימען וואָלקנדלעך, ווי אָפּגעווײַסטע שיפֿן,
און בײַ די זײַטן לויפֿן אָנעט בערגלעך, ווי שטאַפּלען פֿון אַ לייטער.
פֿון אונטן דער שאָסיי — ער יאָגט זיך ווי אַ טעפּיך, ווי אַ ברייטער.
ס'איז ווייסט אַרום. אַן איינציק פּאַלמע־בוימל, ווי אין מיטן קלעטער —
פֿאַרגליווערט שטייט, די ברייטע בלעטער
פֿאַרהויבן אינדערהויך און העכער,
ווי פֿליגלען פֿון אַ ריזיק גרינעם פֿעכער.

דער אויטאָ לויפֿט. עס לויפֿן און עס שווינדלען די פּייזאַזשן.
ער יאָגט זיך צו אַ שטאָט, וווּ ס'שמעקט מיט גומי און גאַראַזשן.
דער אויטאָ לויפֿט. עס דוכט זיך: אומעטום דער פּאָן דער זעלבער.
דערנעבן אויף אַ לאָנקע פּיטערן זיך קעלבער.
זיי פּאָכן מיט די ווײדלען, תמימותדיק, ווי לית־ברירה;
סלינען, גאַווערן און מעלה־גירהן.
זיי קוקן־נאָך דעם אויטאָ, מיט אויגן גלעזערנע און סתמע:
אַן אויטאָ לויפֿט, — דאַרף ער לויפֿן זיך מסתמא.
אַ פּאַסטעך אויף זײַן שטעקן שטייט דאָרט איינגעבויגן.
אַ כלב קוקט אונדז נאָך מיט הינטיש־בייזע אויגן.

דער אויטאָ לויפֿט. מײַן לאַנד איז קליין. פֿון לינקס זיך שפּרייטן זאַמדן,
פֿון רעכטס עס שפּיגלט זיך דער ים, ווי בלויע סאַמעטנע געוואַנטן,—
און פּונקט אַנטקעגן, אויפֿן הייסן זאַמד, ווי פֿון גאָר ווײַטע וועלטן,
ליגט אויסגעשפּרייט אַ שטאָט, אַ שטאָט אַ גאַנצע פֿון געצעלטן.
עס שטייען ייִדן דאָ און שמועסן בציבור און אין בינטלעך,
און אויף אַ שטריק פֿאַרצויגן הענגען קינדערישע ווינדלעך.

דער ווינט שמײַסט־אום און וויגט די וועש און די שאַלמויזן
און גיט אַ כאַפּ אַראָפּ אַ ווײַבערשע פֿאָר הויזן,
דערלאַנגט אַ טראָג אַרײַן אין ים (אַ חרפּה גאָר פֿאַר לײַטן!),
און כוואַליע גיט צו כוואַליע אָפּ און טראָגט אַוועק אין ווײַטן.

דער אויטאָ לויפֿט איצט צו אַ שטאָט, דערנענטערט זיך אַלץ נענטער.
דער דאַך איז אָנגעגליט פֿון זון. די ווענט, — ווי פֿײַער ברענט עס.
דער אויטאָ קאַטשעט זיך פֿאָראויס. דער וועג איז אים אַ קלאָרער.
און אינעווייניק, אין זיין בויך, אַ וועלט מיט ייִדן, קײַן עין־הרע;
וועער ס'זיצט, וועער ס'שטייט, וועער וואַך איז, וועער עס דרעמלט.
אַדורכן פֿענצטער קוקט אַרײַן דאָס לאַנד ווי דורך אַ רעמל,
וואָס גיט זיך אַ צעשפּרייט מיט די אַראָפּן און אַרויפֿן,
און אומעטום עס קושט די ערד דעם האָריזאָנט און די אין־סופֿן...
די ייִדן וויגן זיך, פֿאַרוויגן זיך און שלאָפֿן.
עס לויפֿט דער אויטאָ, און אָט איז ער קײַן תּל־אביב דערלאָפֿן.

1952

אַ דאַנק דיר, גאָט, וואָס רוסט אין מײַן געמיט,
און זײַ געלויבט פּאָר שורות קלאָרע אין מײַן ליד.

מיט גאָרנישט שייד איך אונטער זיך פון מײַנע האָרעפּאַשנע ברידער.
בײַטאָג — איך שלעפּ דעם יאָך, בײַנאַכט, טרעפט, שרײַב איך לידער.
און ווען עס קומט די מידקײַט, וואַלגערט מיך אַ נידער, —
דאַן שלאָף איך מיטן שלאָף פון אַ געזונטן מאַן, —
עס וואַרט אויף אים דאָס פעלד, דער אַקער, דער געשפּאַן.
דאָס מאָרגנליכט גיט מיר אין שויב דעם ערשטן העל,
איך שפּרינג אַרויס אַ פריידיקער, אַן אומגעריכטער,
איך גיי אַרויס אַן אָפּגעפרישטער אינעם פעלד,
און דאָ ווער איך דער אמתער „מאָדערנער" דיכטער:
דער אַקער איז מײַן פען, דאָס פעלד איז מײַן פּאַפּיר,
און יעדער בייט — אַ פערז, און אַ קוואַדראַט — אַ שיר.
אַזוי מיט שטימונג אמת'ער געלאָדן,
אַ פּאָעמע שרײַב איך אויפן שוואַרצן באָדן...

אין אָוונט פאַל איך מיד אַרײַן אין בעט.
דאַן קומט צו מיר דער פויער, דער פּאָעט
און פאָדערט ליד פון מיר און פאָדערט וואָרט;
דערפיל איך: באַלד באַגיי איך איבער אים אַ מאָרד.
ווײַל וואָס האָט וואָרט אַ ווערט,
וואָס קען דען ליד נאָך מער דערגרייכן
אַנטקעגן דעם וואָס איך האָב אויף גאָטס ערד,
מיט מײַן אַקער הײַנט פאַרצייכנט?

איז דאַנק איך דיר פּאָר שורות קלאָרע אין מײַן ליד,
און זײַ געלויבט, וואָס רוסט אין מײַן געמיט!

1952

א. ביינאַכט

עס טונקלט איצט ביי מיר אין סאָד,
דער אָוונט ליגט אויף קעפּ פון בוימער.
איך גיי אַרום מיט שטילע טריט,
איך בין די נאַכט דאָ היינט דער שומר.
מיין גרויסער הונט גייט נאָך געטריי
און שמעקט אַרום דעם קילן באָדן,
ער שמעקט די שטאַמען, שמעקט מיין טראָט,
ער איז מיט אומרו אָנגעלאָדן.

ער יאָגט אַ יאַשטשערקע איצט נאָך,
אָט, אָט וועט ער איר פּאַקן.
איך זע: עס צאַפּלט זיך איר קאָפּ
אין זיינע האָריק־גרויסע לאַפּעס;
פון ווייטיק דרייט זיך איין איר גוף,
איר שלאַנגיש גוף, אָט ווי אין שרויפן,
איך גיב מיין הונט אַ שטילן רוף —
ער לאָזט איר אָפּ, ער לאָזט איר לויפן.

זי לויפט אַריין אין טיפן גראָז,
זי לויפט אַריין און ווערט פאַרשוווּנדן...
דער הימל טונקלט מער און מער,
אַ שטערן האָט זיך אָנגעצונדן,
אַ פינטל דורך אַ צווייג געטאָן
און אָט אַ צווייטער, באַלד אַ דריטער,
דער הימל מיט זיין גאַנצער פּראַכט
קוקט אַריין דורך צווייגן שיטער...

די טונקלעניש ווערט מער געדיכט.
די נאַכט האָט זיך אַראָפּגעלאָזן.
לבנה זײַט אַ דורך איר ליכט
און בלייך באַפאַרבט די פײַכטע גראָזן.
די בלעטער גלאַנצן אין איר שײַן,
ווי קונסטשטיק זילבערנע געהאַמערט,
אַ בוים פאַרקריכט אין צווייטן בוים,
אַ צווײַג אין צווײַג האָט זיך פאַרקלאַמערט.

דער סאָד — איין ריזיקער געפלעכט
פון בוימער טויזנטער צוזאַמען.
די צווײַגן איבער מיר אַ דאַך,
ווי פרײַנט עם רינגלען מיר די שטאַמען.
זיי זיצן פעסטע אין דער ערד,
פאַרוואָרצלטע מיט טויזנט וואָרצלען;
דער הונט, ער ליגט ביי מײַנע פים —
אַ גרויסער קנויל צונויפגעקאָרטשעט.

איך טרינק די שטילקײַט פון דער נאַכט,
די ערד ליגט קיל און אויסגעלאָשן;
עס וועפּט זיך אוים דער הייסער פלאַם
וואָס ס'האָט די זון אויף איר געגאָסן.
איך נעם אַ פולן הויפן זאַמד
און זײַ אַ דורך עס דורך די פינגער,
די שטילקײַט איז אַזוי געדיכט
אַז כ'הער ווי זאַמד אויף זאַמד טוט קלינגען.

איך טרינק די שטילקײַט פון דער נאַכט,
איך זאַפּ זיך אָן מיט טוי, ווי שוואָמען, —
נאָר פלוצלינג האָט דער סאָד דערוואַכט,
שאַקאַלן האָבן זיך צעיאָמערט

און זיך פֿאַרגאַנגען אין געוויין,
ווי קינדער וואָס מע שרעקט זיי איבער.
אַן אייזעלע האָט ערגיץ וויַיט
זיך טרויעריק אַזוי צעכליפּעט.

איך זיץ און הער די קולות צו,
ס׳איז דאָך מיַין סאָד און מיַינע בוימער, —
איך גיב צו טרינקען זיי ביַיטאָג
און ביַידערנאַכט — בין זייער שומר.
איך קען דאָך יעדן בוים אָט דאָ,
מיט פּעך פֿאַרשמיר איך זיַינע וווּנדן,
און צוויַיגן וואָס דער ווינט צוברעכט —
מיט ליבשאַפֿט האָב איך זיי פֿאַרבונדן.

איך זיץ און בין איצט נאָר געהער,
איך הער ווי בלאָט און בוים עס אָטעמט;
איך פֿיל, אין אָט דער נאַכט
מיט בוים און ערד בין איך פֿאַרקנאָטן.
עס טראָגט די ערד מיך, ווי דעם בוים,
און ווי דער בוים טוט בלעטער טראָגן.
אויך מיַינע וואָרצלען האָב איך אין דר׳ערד,
אָט ווי דער בוים אַריַינגעשלאָגן.

עס האָט מיַין שוויַיס באַפֿיַיכט די ערד,
מיַין האַנט פֿאַרווייכט דעם באָדן,
דער אַקער האָט איבערגעקערט
און מיט יצירה אָנגעלאָדן,
און מיטן יונגן בוים בין איך
אין רעגן, ווינט און זון געוואָקסן,
ניט איינמאָל האָב איך שווערן צוויַיג
געהויבן מיט מיַין ברוינעם אַקסל;

געהויבן, ער זאָל ניט בויגן זיך,
דער שטורעם זאָל אים ניט צעברעכן.
דער ווינט געוואָיעט האָט גאָר בייז,
דער בליץ — האָט שיר מיך דורכגעלעכערט;
און איך ווי צוגעוואָקסן פעסט
צו בוים, צו פּרוכט, צו צווײַג און בלעטער, —
דער שטורעם ניט געשראָקן מיך
און ניט דער בייזער ווילדער וועטער.

איך בין געוואָקסן מיטן בוים,
פון ערשטן טאָג פון זיין פאַרפלאַנצן,
און ביז אַט איצט ווען איבער מיר
הענגען צווײַגן מיט מאַראַנצן,
זיי הענגען איבער מיר געדיכט,
זיי טוען מײַנע האָר באַרירן,
דעם עפּל כ'זע ניט אין דער נאַכט —
זיין ריח אָבער לאָזט זיך שפּירן...

עס שיכורט אײַן אין נאַכט דער דופט
פון צײַטיקע, פון אַפּעלסינען.
אַ פויגל פון אַ בוים עס רופט.
עס וואַרטן פויגלען אויף באַגינען,
וואָס קלעטערט, קומט פון ערגעץ ווײַט
און וועט באַלד ליכטיקן און קלאָרן.
לבנה הענגט האַלב־רונדיק ווײַס,
ווי פון פּאַפּיר אַרויסגעשאָרן.

זי זײַט איר ליכט דורך בלעטער דורך
און אָט צוריק איז זי פאַרשוווּנדן,
זי גיט אַ שימער דורך אַ צווײַג,
ווי עמיץ וואָלט איר אָנגעצונדן.

די בלעטער דעקן צו איר ליכט,
גלײַך מ׳וואָלט צוריק איר אויסגעלאָשן.
מאַראַנצן הענגען קיל און פײַכט,
ווי בעכערס טוי פול אָנגעגאָסן.

עס לײַכטן שטערענדלעך זיך דורך
דורך געפלעכט פון צווײַג און בלעטער.
איך זיץ און הער אַ שטיל גערויש:
אַ ווערוריק אין די צווײַגן קלעטערט,
עס גרילצט אַ גריל אין הויכן גראָז
און שפּילט אויף אומזעבאַרע סטרונעס...
די נאַכט איז דורכזיכטיק ווי גלאָז
די נאַכט איז טיף ווי אין אַ ברונעם.

מײַן הונט פאַרהויבן האָט זײַן קאָפּ,
אַראָפּגעלאָזט צוריק געלאַסן.
די נאַכט פאַרוויקלט מיך מיט טוי,
אָט ווי מיט ליכטיקע באַנדאַזשן.
אַ טרייסל ט׳זיך געטאָן אַ צווײַג,
אַ טורקלטויב האָט זיך צעוואָרקעט.
די הויכע ציפּריסן בײַם פּלויט
זיי וואַרטן רויִק אויף דעם מאָרגן. — —

ס׳איז שטיל אַט אַזוי איצט אין סאַד,
מיך טוט אַט די שטילקייט פאַרלאָקן.
אַ פויגל האָט נאָענט איבער מיר
אַ פלאַטער געטאָן, זיך דערשראָקן,
אַ הויב זיך דערלאַנגט אין דער הויך,
אַ צי זיך געטאָן אינדערלופטן...
דער מאַראַנצענער סאַד שטייט צעבליט
און פאַרשפּרייט זײַנע איידעלע דופטן.

עס עפענען קנאָספּען זיך אויף
מיט ווײַסינקע בלעטער צעבליטע.
דער שאָטן אין סאַד ליגט געדיכט,
עס זײַען די שטראַלן זיך שיטער
אַ דורך די צעוואַקסענע צווײַגן,
וואָס הויבן אַרוים זיך ווי קרוינען.
אַ קראָליקל לויפט דאָ פאַרבײַ
מיט שרעק אין די אויגן די ברוינע.

אַ שלאַנג צישעט דורך פאַרבײַ מיר
און שאַרט אויפן בויך זיך אין שווײַגן,
מיך דערזען, הויבט זי אויפעט איר קאָפּ, —
אַ שפּרונג און אַרײַן אין די צווײַגן;
אַרײַן אין דער טיף פונעם בוים,
איך זע איר שוין ניט, ווי זי קלעטערט,
איך הער נאָר דעם שאָרך פון איר גוף
וואָס רײַבט זיך אָן טרוקענע בלעטער.

איך הער נאָך פון אויבן איר צ־י־שש־שש,
איר בייזן, איר שלאַנגישן שיפּען,
עס גיט נאָך אַ בליץ דורך אַ שפּאַלט
איר גוף, ווי פון שטריק אַ געקניפּטער,
אַזוי ווי אַ גומענער רער
מיט פלעקן מיט געלע, אַ רונדער,
איך בלײַב אויף אַ ווײַלע שטיל שטיין,
איך בלײַב אויף אַ ווײַלע פאַרוווּנדערט...

עס ליגט ווי אַ טעפּיך דאָס גראָז
אונטער פיס, ווי אַ קאָבריץ אַ גרינער,
עס הויבט זיך אַרויסעט די חילפּע
אַ חלפדיק־שאַרפע, אַ דינע.
עס ליגט נאָך דער טוי אויף דער ערד
וואָס איז בײַדערנאַכט דאָ געפאַלן,
אין זאַמד זענען פריש נאָך די טריט,
וואָס ס׳האָבן געלאָזן שאַקאַלן.

איך שפּאַן דורך אַלייען פון גרינס,
איך קען יעדן בוים אויסגעבונדן;
איך ווּעסער זיי אָן צו דערצײַט,
אַ קראַנקן — פאַרבינד איך די ווונדן.
זיי רינגלען מיך איצטער אַרום,
ווי פרײַנט, ווי געטרײַע, ווי היטער.
ווי גרוים, ווי צעוואָקסן דער סאָד,
ווי שיין האָבן קנאָספּן צעבליט זיך.

## ג. מיין שטיבעלע

עס שטייט מײַן שטיבעלע אין סאָד,
אַ שטיבעלע מיט זיך אַליין נאָר.
אַרום איז זון, אַרום איז גראָז,
אַרום מאַראַנצן־בוימער.
זיי רוישן ווען עס קומט אַ ווינט
און שווײַגן אינעם שטילן וועטער,
און בײַ די ווענט אַ טרויבן־פלאַנץ
אַרויף צום דאַך עס קלעטערט.

אַ שטיבעלע וואָס שטייט אין סאָד,
איז אײַנגעטונקט אין זון און שאָטן.
אַרום איז גרינס און צווײַג־געפלעכט,
און פויגלעך — זינגענדיקע נאָטן;
זיי פלאַטערן אַרום מײַן שויב,
אַרײַן זיי פליען דורכן פענסטער;
און יעדן טאָג, אַ ווײַסע טויב,
פון אַלע טײַבעלעך די שענסטע.

זי קוקט אַרײַן אין מײַן געזיכט,
זי קוקט מיך אָן מיט מוט און גלויבן
זי פּיקט די ברעקלעך פון מײַן האַנט,
וואָס איך דערלאַנג איר דורך די שויבן.
זי עסט זיך אָן און פליט אַוועק
און גיט מיט פרייד אַ שטילן פּאַכע,
איך קוק ווי גרינג זי הויבט זיך אויף,
איך קוק איר פלי מיט ליבשאַפט נאָכעט...

איך האָב אַ שטיבעלע אין סאָד,
ווו שטילקייַט שפּאַנט דאָרט אום געלאַסן;
און אין דער שטוב — אַ בעט, אַ שטול,
און אויפן שטול אַ קרוג מיט וואַסער.
פון נאָנטן קוואַל כ׳האָב אָנגעפילט
מיט וואַסער טעמדיקע, קילע...
איך האָב אַ שטיבעלע אין סאָד,
איך האָב אַ ווינקעלע אַ שטילן.

און אין דער שטוב אַ פּראָסטער טיש
פון אָפּגעהובלטע ציפּריסן.
דו קומסט אַרייַן צו מיר אין שטוב —
אַ טישטוך, ליב, טוט דיר באַגריסן.
פון עקאַליפּטוס ביינקלעך פּראָסט,
אַליין האָב איך געטאָן זיי שניצן,
זיי ווינקען דיר: קום נענטער צו!
זיי רופן דיך: קום זיצן!

דו זעצסט אַוועק זיך, פיל זיך פרייַ!
באַטראַכטסט די ווענט, די שויבן?
ווייס, איבער זיי פון דרויסן זייַט
איז דאָ אַ שלאַק פון טויבן,
איך האָב פאַר זיי עס אויפגעבויט
און צוגעדעקט מיט שינדלען,
עס זיצן איצטער דאָרט דרייַ פּאָר
און וואָרקענען און קינדלען.

דו קוקסט זיך אייַנעט אויפן דיל,
דער דיל איז ניט געראָטן?
דערפאַר געראָטן איז דאָס שפּיל,
דאָס שפּיל פון זון און שאָטן,

וואָס אויפֿן פֿאָדלאָגע קומט פֿאָר
דורך צווײַג און גרינע בלעטער;
אַ וויג — דער שאָטן איז איצט דאָ,
אַ וויג — די זון זי קלעטערט.

איך האָב אַ קאַץ, אַ ווײַסע קאַץ,
אַ פֿעל, ווי צאַרטער סאַמעט,
זי שאַרפֿט די נעגל אַלע טאָג
אָן בוימערדיקע שטאַמען,
און איצטער ליגט זי אויפֿן שוועל
אין זון און ליכט געבאָדן...
איך האָב אַ שטיבעלע אין סאָד
אָן אײַנגעטונקטס אין רו און שאָטן.

אין סאָד בײַ מיר געשטאָרבן איז אַ בוים,
געבליבן שטיין מיט טרוקענע, מיט טויטע צווײַגן.
אַ וואָלקן איבער אים — אַ ווײַסער שוים —
געהאַנגען איז פאַרהילט אין טיפן שווײַגן,
און אָפּגעשוווּמען טרויעריק און ווײַט,
נאָר איך בין בײַ מײַן טויטן בוים געבליבן.
געהערט אַן אייזעלע אין ערגעץ שרײַט
און גרילן זעגן אוים אַ קלאָגעדיקן ניגון.

שוין יאָרן ווי איך האָב דעם בוים געהיט
און וואַסער, מיסט — געגעבן אים בשפע,
דורך אַלע יאָר האָט ער אין סאָד געבליט
מיט ווײַסן צווײַט, אָט ווי מיט וואָל אַ שעפּל,
ווי אין אַ פּעלץ פאַרוויקלט זיך אין זיי;
געזען האָט מען נאָר בלאָט און בליטן,
און איצט ער שטייט אַ נאַקעטער אַזוי —
אין יונגן בלי פאַרשניטן.

כ'וועל אָנקלאָגן דעם ווינט וואָס האָט געשמיסן בייז,
כ'וועל אָנקלאָגן דעם שטורעם וואָס האָט אים צעבראָכן.
אָ, הימלען, זעט מײַן צער ווי גרויס!
די טשערעפּאַכעס זענען פרײלעך דאָ אַרומגעקראָכן,
באַהאַלטן זיך אין בלעטער וואָס געפאַלן איז
און טיפער זיך אין זיי אַרײַנגעגראָבן,
און איצט מײַן בוים, מײַן שיינער בוים, מײַן ריז —
אַ טויטער און אַ נאַקעטער, געשטאָרבן...

אין אים אַ טורקלטויב האָט זיך געבויט אַ נעסט,
איצט פון דער נעסט עם פאַלן שטרויעלעך און ריטער;
די נעסט צעפאַלט, דער בוים איז איצט אַ מת.
ניט לאַנג איז ער געשטאַנען אַ צעבליטער
מיט ווײַסן צוויט, ווי שמעקנדיקער בעז,
מיט אַ זילבער־קרוין אַ ווײַסע, אַ צעגליטע.
אַ דאָרן איז ער איצט, אַ מת.
געוואָרן איז מײַן יונגער בוים פאַרשניטן.

די קאָרע שיילט זיך שוין פון אים און שיילט,
ווײַל אויסגעטריקנט איז דאָס האַרץ בײַ אים געוואָרן.
די ווונדן זײַנע קען מען ניט פאַרהיילן,
ווײַל היילן קען מען נישט קיין טויטן דאָרן.
זענען האָלץ־ווערים פאַרקראָכן אין זײַן לײַב
און ווילן אים אויף מעל, אויף שטויב צושטויבן — — —
מיר דוכט, איך הער פון ווײַטער ווײַט
באַוויינען אים די טורקלטויבן;

זיי האָבן נעסטן זיך געבויט אין זײַן געצווײַג
און האָבן דאָרט געפרילינגט און געזומערט.
פאַרשוויגן איז שוין זייער: „טררורקל־טו" און אין געשווײַג
דער דאָרן שטייט אַ שטומער.
ער וועט שוין ניט צעבליען זיך מיט צוויט
און ניט פאַרשפרייטן וועט ער מער קײַן פײַנע דופטן.
אַ פויגל האָט צעיאָמערט איבער אים זיך אין געפלי
און אָפּגעשוווּמען, ווי אַ שיף, אין בלויען לופטן.

נאָר איך בין נאָך געבליבן דאָרטן שטיין,
ווי בײַ אַ קבר פון אַ פריינט אַ נאָענטן,
ווײַל ליב אַזוי און נאָענט איז מיר דער בוים.
נאָר ניט פאַרשטיין קען אָט דאָס מיידעלע די בלאָנדע,

וואָס שטייט דאָ לעבן מיר, זײַט בײַ זײַט,
מיט שעמעוודיק־אַראָפּגעלאָזטע ברעמען,
זי הערט: איך רייד צו בוים, צו הימלען און צו ווײַט —
און ־קען עס ניט באַנעמען.

די בוימער אויסגעווייקט און נאַס,
די שווערע קעפּ אַראָפּגעבויגן;
אַ יעדער צווײַג און יעדער בלאַט
האָט זיך מיט פֿײַכטקײַט אָנגעזויגן.
מאַראַנצן פֿינקלען איצט, ווי גאָלד,
עס האָט דער רעגן זיי געוואַשן,
זיי אָטעמען מיט רו אָט איצט
און הענגען שטילע און געלאַסן.

די טראָפּנס קײַקלען זיך פֿון זיי,
די טראָפּנס — זילבערנע ווי פּערל.
פֿון צווײַג, פֿון גראָז, פֿון נאָענטן בוים
עס טריפֿט, עס רינט מיט טרערן.
דער סאָד איז דורכזיכטיק און גרין,
ווי אין אַ שלייער אײַנגעהילעט.
אַ צווײַג אין צווײַג אין גרין־געפֿלעכט —
פֿאַרטאָן אין תּפֿילה.

קײַן צווײַגעלע באַוועגט זיך ניט,
ס'איז שטיל אָט איצטער נאָכן רעגן.
דאָ ערגעץ נאָנט אין פֿײַכטן שטאָם
אַ היענע גראַבלט מיט די נעגל,
אַ שילדקראָט קריכט אין הויכן גראָז;
אַ מוילוואָרף גראָבט זיך אײַן אַלץ טיפֿער.
דורך צווײַג און בלאַט דער הימל קוקט
אַ שמאָלער פּאַס אָט ווי אַ שיפֿל.

אַ בוים פֿאַרהויבן האָט אַ צווײַג
און זיך אַזוי געטאָן פֿאַרקלערן.
די ערד איז אויפֿגעשוואָלן ווייך,
די ערד איז מעוברת.
די ערד ליגט בערגלדיק און גרין
און ס'ווימלען אויף איר טויזנט שרצים.
די ערד ליגט בערגלדיק צעווייקט
און וואַרעמט אויסעט טיפֿע וואָרצלען.

זיי זויגן אָן זיך מיט איר זאַפֿט,
און גיסן אָן זיך ווי די שפּינען;
דאָס גראָבע וואָרצעלע עס זויגט
און אויך דאָס וואָרצעלע דאָס דינע,
און פֿונם וואָרצעלע דערלאַנגט
אַרויף, אַרויף אַלץ העכער, העכער;
עס גיסט דער גאָלד-עפּל זיך אָן
מיט שאַרפֿן זאַפֿט — אַ פֿולער בעכער.

איך גיי אַרום אין גרין געפֿלעכטס
און אָטעם פֿײַכטקײַט פֿולע לונגען.
אַ מענטש אַליין גייט אום אין נעץ
און אויפֿן קול ט'ער זיך צעזונגען.
די ביימער רינגלען מיך אַרום
און צווײַגן גלעטן מיך מיט פֿײַכטקײַט;
ס'איז אויפֿן האַרצן איצט מיר גוט
און אינעם גוף אַזאַ מין לײַכטקײַט.

כאָטש נעם און גיב אַ הויב זיך אויף
צוגלײַך, צוגלײַך מיט די באָטשאַנעס.
ס'איז גוט וואָס ביימער זענען דאָ,
ס'איז גוט וואָס איך בין דאָ פֿאַראַנען! — —

### ז. אַפּעלסינען

אין האַרבסט די בוימער ווערן שווער
פאַרבויגן צו דער ערד זיך גרינע.
ווי בעכער אָנגעפילט מיט וויַין,
מיט זאַפטן פול די אַפּעלסינען.
זיי בעטן זיך: „נעם ריר מיך אָן!"
דער שאָלעכץ בעט אַליין זיך שיילן,
און אין אַ העמדעלע אַ וויַיס
בלײַבט שטיין דער עפּעלע דער הוילער.

דו נעמסט, דו עפנסט אים אויף צוויי,
עס טוט אַ שפּאַר דער זאַפט, דער געלער.
דו בײַסט אַרײַנעט שאַרפֿע ציין —
מיט זאַפט פאַרכלינעט זיך דײַן קעל דאָרט,
און ס'גיט אַ פלייץ אַריבער ציין,
אַריבער ליפּ, אַריבער גאָמבע,
און ס'קלעפּט אַ געלער פלעק זיך צו
אָט אויף דײַן מויל — אַ רונדע פלאָמבע.

האָסטו אָפּגעגעסן, זיך באַלעקט
און נעמסט אַ צווייטן איצט באַטראַכטן,
ווי רונד, ווי גאָלדיק, אָן אַ פלעק,
אָט ווי אַ פלעשל אַ פאַרמאַכטע,
דאָרט אינעווייניק אײַנגעטיילט —
איז יעדער טייל מיט הויט באַצויגן,
און אין די טיילן טראָפּנס זאַפט,
וואָס קוקן אָן דיך גלײַך ווי אויגן.

די טראָפּנס זאַפט פאַרמאַכט אין הויט,
ווי קליינע פערעפּום־פּלאָקאָנען.
אָ, וויפל זענען זיי דאָרט דאָ?
איבערציילן ווער וועט קאָנען?
איך נעם זיי אויפן האַנט אַרויף,
לענגלעך, ציַיטיקע, ווי קערנער.
שטודירן דאַרף מען דיך ביז גרונט,
מען דאַרף דיך לערנען!

פון דינסטן וואָרצל ביזן שטאַם
און פונעם שטאַם אַרויף און העכער,
עס ציט יניקה פון דער טיף
און גיסט אָן עפּל, ווי די בעכער.
די זאַפט אין רערעלעך אַרויף
האַלט אין אומזעבאַרן געקלעטער,
און ווי מיט לונגען אָטעמט טיף
דער בוים מיט זײַנע גרינע בלעטער.

פון וואַנען אַזוי קלאָר דער זאַפט?
פאַרוואָס אַזוי גאָלדיק איז דער שאָלעכץ?
ווי שיין די פאַרב איז פאַרן בוים:
גינגאָלד, אָראַנזש, ווי אַ געמאָלעכץ.
דאָרט אינעווייניק טיף אין בוים
פּולסירט און יאָגט זיך אום דאָס לעבן,
פון קלענסטן אָדערל אין בלאַט
ביז צו די איידלסטע געוועבן.

עס אָטעמט טיף דעם בוים, ער לעבט
און גיט די פרוכטן זײַנע לעבן...
אַ וואָלקן אינדערהויך עס שוועבט
און וועט צו ערגיץ ניט דערשוועבן.

דער הימל הענגט פֿאַרכמאַרעט גרוי,
עס שנײַדט דער ווינט, ווי טעמפּע זעגן,
און וועט שוין שנײַדן אָט אַזוי
ביז ס'וועט אַראָפּפּאַטשן אַ רעגן — —

אין האַרבסט ווערן די ביימער שוווער
פֿון פֿרוכט, פֿון צײַטיקע געטראָגן.
דער רעגן שמײַסט אַראָפּ אויף זיי
און טוט די עפּלביימער צוואָגן,
איז לאָזן זיי די אָרעמס שוווער
אַראָפּ מיט גאָלדעפּל באַלאָדן,
און ברעכט די שווערקײַט אײַן אַ צווײַג —
איז עס אַ ווייטיק און אַ שאָדן.

ס׳איז היינט אַ טאָג, אַ טאָג פון שניט,
נו לאָמיר, ברידער, נעמען זינגען!
די שערעלעך אין פלינקע הענט
זיי קלאַפּן־צו צום טאַקט און קלינגען:
אויף אונדזער ערד האָט עס געריפט,
פון אונדזער שוויים אַרויסגעוואַקסן — —
ליגט אָנעט פולע קוישן פרוכט
אויף אויסגעהאָרעוועטע אַקסל!

די עפל גאָלדענע, זיי קוקן
פונעם קויש אַרוים און גלאַנצן.
ס׳איז היינט דער ערשטער טאָג פון שניט,
איז לאָמיר, מיידן, בחורים, טאַנצן!
אַ יעדער בוים וואָס שטייט אָט דאָ
מיר האָבן עס געטאָן פאַרפלאַנצן,
ס׳איז אונדזער בוים, ס׳איז אונדזער ערד,
ס׳איז אונדזער גרויסער סאָד מאַראַנצן!

די שערלעך קלינגען: „טשיק־טשיריק״,
עס הילכט אַ מיידלשער געלעכטער.
דאָ וואַקסן, ווי די בוימער פריי,
די מוטיקע און שטאָלצע טעכטער.
אַ בלאָנדער קאָפּ, אַ שוואַרצער קאָפּ,
די אויגן, ווי מיט פייער שפּריצן.
די בחורים שלעפּן קאָרב נאָך קאָרב
און שוויצן, נעבעך, שוויצן.

די שטראַלן וואַרעמען איצט אָן
אָט פון דער נאַכט, די קילע עפּל,
און אינעם גרינעם צווייג־געפּלעכט

פאַרלאָרן ווערט אַ בלאָנדעס קעפּל,
נאָר ס'שווימט אַרוּם פון צווייטן זייַט
איר שמייכלענדיקער רונדער פּנים —
און פלינק ווי טײַבעלע ווער איז?
ווער וועט נאָכיאָגן איר קאָנען?

די האַנט ביי איר אין גיכן שווּנג,
קען מען איר גלייַכן דען געפינען?
איר שערעלע — אַ זונג, אַ קלונג —
אַ פולער קויש מיט אַפּעלסינען.
געבענטשטע הענט, געשיקט און פלינק,
אַ ברכה רוט אויף אירע פינגער;
עס דוכט, אַז יעדער בלאַט פון בוים
עס טוט מיט איר זיך איבערווינקען...

די קוישן ווערן פולער, פול
און אָנגעגאָסענע, ווי בעכער.
מען לייגט זיי אין אַ הילצערן שטוב
און ס'וואַקסט דער באַרג אַלץ העכער, העכער.
דו וואַרפסט אַ קוק, פאַרכאַפּט די אויג —
אַט ווי אַ טעפּיך אַ געפאַרבטער,
עס שפּרייט פון זיי אַ ריח זיך,
אַ גוטער און אַ האַרבער.

מען לייגט פון קערב זיי לאַנגזאַם אוים,
עס וואַקסט דער באַרג אַלץ העכער, ברייטער.
די פאַרב איז גרין, אַראַנזש און געל
און ערגעצוווּ — אַ פלעק אַ רויטער,
און ערגעצוווּ — אַ גרינע בלאַט
צעווישן זיי טוט זיך פאַרלירן.
מיט ריח איז פאַרפולט די שטוב
און מיט פאַרשיידענע קאָלירן...

און אַט אַזוי עס רונדיקט זיך מײַן גאַנג,
אַ רונדער גאַנג, ווי ציפּערבלאַט אויף זייגער —
פון דעם פּרדס צום טישל מיט געזאַנג,
נאָך שווערער מי אין בעט זיך לייגן,
און אויך אין שלאָף עס פלאַנטערט זיך מיר לאַנג
די בוימער שורות, ווי זייערע קרוינען נייגן
און בוקן זיך צו מיר און בייגן
אַריבער מיר מיט בוימערשן געזאַנג.

איך הער זיך אײַן אין שלאָף צום צווײַג-געוויג
און צום געמורמל פון די גרינע בלעטער.
אַפילו אויך אין שלאָף דערזעט מײַן בליק
אַ יאַשטשערקע אין פריילעכן געקלעטער.
אויך פונעם שלאָף צום וואָר פאַרלייג איך אַזאַ בריק, —
עס זעט מײַן מאַרך און ווערט פאַרצאַפּלט; וואָס דערזעט ער?
ווי מײַן פּרדס אַ לויף גיט אויף צוריק
און ערגעצוווּ אין גרינס פאַרשווונדן ווערט ער.

אין טיפן שלאָף באַגיסט מיך קאַלטער שוויים,
פון טיפן שלאָף דערלאַנג איך זיך אַ צאַפּל:
אויף אַט דער וועלט קען אַלץ טרעפן, ווער ווייס?
אַ קלעטער טאָן אַ בוים קען אויף אַ שטאַפּל
און דו, גיי דערנאָך און זוך דײַן בוים,
דעריאָג זיך דײַן פּרדס צו כאַפּן,
וואָס איז געוואָרן דיר די צווייטע היים,
וואָס היטסט אים אָפּ, ווי דײַן שוואַרצאַפּל.

איך גיב זיך פון דער בעט אַ ריס אַראָפּ
און גיב אַ פֿאַל צו אויפגעפּראַלטע שויבן —
אָט ווי אַ רונדע זילבערדיקע קאָפּ
לבנה קוקט אַראָפּ פֿון אויבן,
באַלײַכט די שפּיצן-בוימער פון מײַן סאָד —
אַ דאַנק דיר, גאָט, אַ דאַנק דיר און אַ לויבן,
וואָס מײַן פּרדס איז גרין נאָך און איז דאָ
און האָט ניט ווי אַ טויב זיך אויפגעהויבן...

די נאַכט איז קיל. איך גיי אַרום אין סאָד.
אָ, זאָל מײַן פּוס די באָרוועסע דעם פּייכטן טוי דערפילן.
עס גלעט דער נאַסער גראָז, מײַן פלאָנטערדיקן טראָט,
מיט צינגעלעך, מיט טויזנטער, מיט קילע;
מײַן שלאָף האָט אויסגעוועפּט זיך פון די גלידער, איז נישטאָ
און טיף אין הארצן קנוילט זיך שטיל אַ תּפֿילה.
ס'איז גוט אַזוי אַרומצוגיין אין סאָד
מיט נאַכט און בוימערדיקער ליבשאַפט איינגעהילעט.

איך גיי אַרום און ס'פלאָנטערט זיך אין קאָפּ מיר פּערז נאָך פּערז,
אָט ווי פון ווײַטע, אָפּגעמעקטע כתב'ן.
ס'איז אָנגעשפּיצט מײַן אויער, מײַן געהער,
און ווי דער בוים בין איך פאַרטאָן אין שאַפן...
פון וואַנען קומען זיי די ווערטער מיר אַהער?
ווער האָט די לידער, אָט די סאָד-לידער באַשאַפן?
אָט ווי אַ טוי-טראָפּן, עס פינקלט אויף מײַן ברעם אַ טרער
פון פרייד, וואָס איך האָב אויך אַ חלק אין באַשאַף דאָ.

לבנה-ליכט. ס'איז יעדער בוים — אַ פּערז, און יעדער צווײַג — אַ וואָרט.
עס ליגט דער סאָד פאַר מיר — אַן אויפגעעפנט סידור.
מיט שורות לויטערע, פּשוטע און קלאָר,
האָב איך דעם פּרדס אײַנגעוועבט אין מײַנע לידער.

אַ קיימאַ־לן פֿון קאַרגע צוואַנציק יאָר
טראָג איך דעם סאָד אַרום אין מײַנע גלידער,
איז וואָס דער ווּנדער, אַז בײַ מיר אין וואָרט
האָט זיך בוים און פֿערז פֿאַרברידערט...

יאָ, אָט אַזוי עס רונדיקט זיך מײַן גאַנג,
אַ רונדער גאַנג, ווי ווײַזער אויף אַ זייגער.
פֿון דעם פּרדס, בײַם טישל מיט געזאַנג
איז זיץ איך אין די אָוונטן פֿאַרבויגן,
אויף ווײַסקײַט פֿון פּאַפּיר עס גיט דער סאָד אַ גרינעם בלאַנק,
און גרינע שורות האָבן זיך אַ דורכגעצויגן.
און איך בײַם טישל בלײַב נאָך זיצן לאַנג
מיט האַלב־וואַך, האַלב־שלאָפֿנדיקע אויגן...

1945—1950

א

גרוים דער ים איז, ליגט ער אַ צעשפּרייטער,
פֿאַרן שיפֿן אויף זײַן בלויען רוקן;
שנײַדן כוואַליעס שומיק זיך, ווי פּעטע בייטן,
רונדע שײַבעלעך, ווי אויגן, קוקן.
לייבלען דוכט זיך, אַז ער קלעטערט אויף אַ לייטער
און די וועלן טאַנצן דאָס צו אים, זיך בוקן.

רונדע שײַבעלעך, ווי אויגן ליכטיקע אָן ברעמען,
שנײַדן זיך אַרײַן אין בלאָ פֿון וואַסער.
ס'איז דורך לייבלס שטעטל דורך דער ניעמען,
דורכגעשניטן אַ צוויי גאַסן.
(לייבל זעט דעם טײַך איצט, דורך פֿאַרמאַכטע ברעמען,
אויפֿן דעק צעווישן די געפּאַקטע מאַסן).

דורכגעשניטן, דורכגעגאַנגען נאָנט פֿאַר זייער שטיבל,
אויפֿגעשוואָלן שטענדיק אין ראש־חודש ניסן.
אויפֿן טאַטן פֿלעגט זיך בייזערן די מאַמע ריווע:
שוויַיג ניט, נחמן, זע, דער טײַך וועט אונדז פֿאַרגיסן,
אָ, באַצײַטנס קריג פֿאַר אונדז אַ שיפֿל,
איידער אונדזער הייזל ט'ווערן אָפּגעריסן.

יעדער יאָר אַזוי, די זעלבע שרעק, די זעלבע טענה.
ניעמען פֿלעגט זיך הויבן הויך און העכער,
איבערגיסן זיך פֿון ברעגן, גלײַך ווי ווײַנען
גיסן זיך אַריבער פֿון אַ פֿולן בעכער.
און די שכנים פֿלעגן מיט געוויינען
שלעפּן שוין די קישנס אויף די דעכער.

איינמאָל האָט דער טײַך טאַקע פון שטוב אַוועקגעשלעפּט
אַ האַלבן בריקל,
אַט דאָס בריקעלע וואָס איז געווען צעפּוילט און פּרוכנע —
אָפּגעשווומען איז ער מיטן שטראָם, ווי געצויגן מיט אַ שטריקל,
אָפּגעשווומען און גיי זוך אים!
איז די צווייטע העלפט געבליבן הענגען — אונטערגעהאַקטע פליגל,
איז די צווייטע העלפט געבליבן הענגען, ווי אַ „זכר לחורבן"...

איצטער שווימט ער, לייבל, אויפן ים, ווי דער בריקל אויפן ניעמען,—
אויף אַ שיף אַ גרויסער, אָנגעפּילט מיט מענטשן.
פּאַרט, און ווייס אַליין אויך ניט צו וועמען,
און צו וועלכע גרעניצן?
מיד איז לייבל, קלעפּן זיך די ברעמען,
ס'ווילט זיך גענעצן.

ס'האָט דער שטורעם אָפּגעריסן אים פון מאַמעס שטיבל,
און געלאָזט דער מאַמען זיצן דאָרטן אין איר טרויער,
צווישן פּוסטע ווענט וועט איז זי אַליין געבליבן, —
ס'איז דער יִינגסטער זון אַוועק קיין ארץ־ישׂראל.
יִינגסטער זון, וואָס איז מיט איר ביז איצט געבליבן,
אָפּגעשווומען הײַנט אויף וואַסערן אויף בלויע.

שווימט ער איצטער דער מוזיניק לייבל,
פירט ער איצט זײַן גוף מיט נײַנצן זומערס,
ס'האַרץ איז פול מיט האָפענונג און גלויבן;
רואיק איז ער קעגן וואָס וועט קומען, —
ס'האָט אַ כוואַליע הויך זיך אויפגעהויבן
און צעשפּריצט אין שוימיק ווײַסע בלומען...

רונדע שײַבעלעך, ווי אויגן ליכטיקע אָן ברעמען,
שנײַדן זיך אַרײַן אין בלוי פון וואַסער.

לייבלען דוכט זיך: ער איז דאָס דער בריקל אויפֿן ניעמען,
וועלכן ערבֿ־פּסח האָט פֿאַרשווײַנקט דאָס וואַסער.
לייבל זעט דעם טײַך איצט, דורך פֿאַרמאַכטע ברעמען,
אויפֿן דעק צעווישן די געפּאַקטע מאַסן.

ב

באַגינען האָט געקנוילט זיך טויִק און אַ בלויער,
אויסגעשיילט קופּאָל פֿון אַ מעטשעט.
אויפֿן דעק שטייט לייבל אויסגעווייקט אין טויען,
אַ נאַסע שטיקל גרעט.

זײַן ווײַס רובאַשקעלע געווען איז אויפֿגעשפּילעט
און פֿון זײַן מאַנטל אָפּגעריסן זיך אַ קנאָפּ,
עס האָבן אָנגעצונדן אין זײַן הארצן זיך געפֿילן,
און טראַכטונגען געפּלאָנטערט אין זײַן קאָפּ.

אָט איז ער דאָ בײַם ברעג, מיטן האַנט כאַטש צו דערלאַנגען.
דער אַנקער האָט פֿאַראַנקערט און פֿאַרפֿעסטיקט שוין די שיף.
די מענטשן אויפֿן דעק וויגן זיך, ווי זאַנגען,
דער ים ליגט ברייט אַזוי, דער ים ליגט טיף.

דער ים ליגט גרויס, אַ רויִקער, אַן אויסגעשפּרייטער,
ער לעקט מיט טויזנט צינגער שוין דעם ברעג.
נאָר לייבל ווייס אַליין נאָך ניט און ער פֿאַרשטייט ניט,
ווער האָט עס שאַרפֿן ווייטיק אים אין הארצן אויפֿגעוועקט?

ווער האָט עס אָנגעצונדן איצט אַ טרויער
וואָס ברענט אין אים — אַ יאָרצײַט־ליכט?
און מיטאַמאָל דערמאָנט ער זיך פֿון זייער הויף דעם רויטן מויער
און אויך דער מאַמעס אויסגעקנייטשט געזיכט.

אַן אויסגעקנייטשטע געזיכט, אַן אויסגעליטנס,
מיט אויגן — בעכערס אָנגעגאָסענע מיט צער;
ס'האָט יעדער יאָר מיט זײַנע פּײַנען אין די קנייטשן זיך פאַרשניטן,
ווי מיט אַ מעסער שאַרף.

האָט לייבל זיך פאַרטראַכט. אַ מעווע דורכגעפלויגן,
אַ פלאַטער אים געטאָן אַריבער קאָפּ:
וואָס טראַכטסטו, זאָג, וואָס קלערסטו, לייבל?
מען גייט דאָך שוין פון שיף אַראָפּ...

נאָר לייבל האַלט זײַן פעקעלע מיט ווײַסע גרעט דאָרט,
אַ גרינגער פעקעלע, ווי זײַנע נײַנצן יאָר, —
און עפּעס וואָלט ער איצט געוויינט, און עפּעס וואָלט ער איצט געבעטן,
מען זאָל דערקלערן אים: וואָס קומט דאָ פאָר?

וואָס טוט ער, ער, דער יִינגסטער זון פון נחמן שוחט,
וואָס טוט ער אין פאַרטאָג דאָ אויפן ים?
פון וואַנען אַזאַ זכות, פאַרוואָס איז ער עס זוכה
באַטרעטן הייליק, אויסגעבענקטן לאַנד?..

ער גלעט דאָס פעקעלע, ווי ס'וואָלט געווען אַ קליינער הינטל,
און מיטאַמאָל דערפילט: דאָס פעקל ברינט די פינגער אים און ברענט,
די מאַמע האָט געהאָלפן אים עס נאָך פאַרבינדן
מיט אירע ציטערדיקע אויסגעבלייכטע הענט;

און אײַנגעבונדן אויך אין פעקעלע איר מאַמעדיקע ברכה:
אַ גרינגע רײַזע אויף דער שיף,
אין אונדזער לאַנד פאַרגעסן זאָלסטו דאָך ניט,
אַז ס'וואַרט די מאַמע אויף דײַן בריוו...

ג

פינף טעג אויף שיף,
און פופצן טעג אין תל־אביב,
דערנאָך איז ער אַוועק אין קאָלעקטיוו
וואָס איז געשטאַנען אויפן באַרג
אַרומגענומען מיט פּרדסים גרינע,
ווי מיט אַ גאַרטל,
און מיט שנאה בייזע, האַרטע,
פון די רײַכע בעלי־גופן.
ווײַל ווער האָט זיי די בחורים גערופן
דאָ קומען אַרבעט פאָדערן פאַר זייערע הענט
מיט חוצפּה און מיט מאָנונג?
און פײַערן דעם ערשטן מאַי,
פרײַ,
מיט העברעיִשן געזאַנג און רויטע פאַנען,
מיט רו אויף גאַנצן זומערדיק טאָג,
ווען בוימער זענען דורשטיק, ווילן טרינקען,
ווערן שיער פאַרברענט?
אַז עס איז אַזויפיל דאָ אַראַבישע הענט,
וואָס נעמען אַלץ פאַר ליב און טוען אַלץ פאַר רעכט,
קנעכט!
אַ חלוץ אָבער צינדט זיך גלײַך אָן פאַרן קלענסטן וואָרט;
און גיי און וויים ווער איז דער בעל־הבית דאָ אויפן אָרט,
ווער:
איך, צי ער?..

פינף טעג אויף שיף
און פופצן טעג אין תל־אביב.
דערנאָך איז ער אַוועק אין קאָלעקטיוו,
באַקומען אַ געצעלט, אַ בעטל און אַ „פּח"
(אַ קישן, ער מיט זיך געבראַכט).

האָט לייבל אַלץ צעפּאַקט,
אָנגעשטאָפּט מיט שטרוי דעם זאַק, —
און ס'איז שוין אַ געלעגער גרייט.
אין אָוונט עסט ער ברויט,
קיבוציש ניט-דערבאַקן ברויט, ווי ס'טרעפט.
זופּט פון טעלער דעם „מרק”
און מיטן גרויסן לעפל זוכט אין טאָפּ די ביינער.
געוואָרן לייבל איז אַ שותף אין געשעפט,
ווי יעדער איינער.
אויף מאָרגן פרי
האָט אים דער גלאָק געוועקט צו אַרבעט און צו מי. —

ד

איצט גייען זיי די טעג ביַי לייבלען מאָנאָטאָן און גרוי,
ביַיטאָג — די אַרבעט שווער, אין אָוונט — ברעכן אים די ביינער.
ווי שווער און ביטער איז דעם חלוצס ברויט,
וואָס ציט פון דר'ערד אַרויס מיט זיַינע ציינער.
דער הימל איבער קעפּ לויטער איז און בלוי,
אַרום פון היץ עס גליִען אויך די שטיינער.

דער טאָג איז פאַרנע, הייס, אָנגעגליט און בריט,
און די טוריה הויבט זיך שווער און לאָזט זיך שווער אַרונטער;
דאָך עמיץ זינגט אָן ווערטער אויס אַ ליד,
אַ צווייטער העלפט אים אונטער.
און לייבל שטייט פון זיי אָפּ אַ פּאָר טריט,
און מונטערט זיך אַליין און מונטערט.

עס רינט דער שווייס אין דינע שנירלעך ברויד
פון זאַמדיקן און אויסגעשוויצטן פּנים:
ס'איז גוט אַזוי, אָ, גאָט, ס'איז גוט!
באַארבעטן דיַין ערד מיט ליבשאַפט און כוונה...

איז גוט אַזוי, איז גוט... עס קנאַקן אים, ס׳ברעכן אים די ביינער...
מיר זענען דאָך דער ערשטער דור, דער ערשטער דור פון „גויים".
אָ, יאָ, דעם צווייטן דור וועט עס שוין בעסער גיין;
וועט שוין אין האַרץ אַזוי ניט פּײַנלעך נאָיען.
דער צווייטער דור וועט האָבן שוין אַ פּאַרטיק היים,
וואָס מיר אָט איצטער בויען.

עס הויבט זיך לייבלס לאַנגער, דאַרער גוף,
ער פּרײַכט און שוויצט, ער פּאַלט ניט שיער אַנידער, —
טוריה ווערט אים שווער, ווי אויפהויבן אַ שטוב,
פון ווייטאָק קרעכצן אים די גלידער;
עס דוכט זיך אים, אָט עפנט זיך אַ גרוב
און ער, ער פּאַלט אַרײַן אין איר אַ מידער.

די זון איז הויך, נאָך ווײַט צו צוועלף, נאָך ווײַט,
און לייבל אַרבעט מיטן פּיאָש אָן אויסגעמאַטערטער, אַ בלאַסער;
נאָר שאַ, ווער שרײַט עס דאָרט, ווער שרײַט?
„שטיי, לייבל, נעם דערלאַנג אַ זשליאָקע וואַסער!
דו ביסט דאָך שוין אַוועק פּאָרויס און ווײַט,
ווי איז אַ מענטש אויף זיך אַליין אַ גזלן?"...

מיט ליפּן אויפגעשוואָלענע פון היץ
איז לייבל צו דעם קריגל צוגעפאַלן,
ער פּילט, ווי אַלע גלידער ווערן פריש
פון וואַסער־טרונק דעם קאַלטן,
און עפּעס איז דאָס וואַסער שטאַרק מחיה׳דיק און זיס,
ניט אויסצוהאַלטן.

ער גלעט דעם קריגעלע, דעם ליימענעם און גלעט,
ער פּילט, ווי ס׳קילט דאָס וואַסער זײַנע הייסע לונגען,
ער זאָגט: ווען כ׳וואָלט געוועזן אַ פּאָעט,

וואָלט איך דיך, קריגל פּשוטער, באַזונגען...
און עפּעס האָט ער זיך צערעדט,
און ווערטער האָבן זיך צעקלונגען:

„אָ, קריגעלע, מיט פרישן וואַסער דאָ אויף הייסער ערד,
ווי גוטער ווײַן ביסטו אין מײַנע גלידער;
ווען ס'וואָלט אַ דיכטער זײַן געוועזן מיר באַשערט
וואָלט איך דיר, קריגעלע, געווידמעט אַ סך לידער.
נאָר איצטער בין איך, זעסט דאָך, ווער,
אַן אַרבעטער, אַ פּראָסטער און אַ מידער..."

ער זעצט אַוועק אַ ווײַלע זיך לעם בוים
און ווישט דעם שווייס פון אויסגעשוויצטן שטערן,
עס ווערט אים נאָענט אַזוי די איצטערדיקע היים
און ס'איז אים גוט אַזוי פון איר צו קלערן:
אַז דאָ וווּ ווײַסט איז איצט און שטיין —
אַ בליענדיקער ישוב וועט נאָך ווערן.

אַ גרויסער שטח ליגט שוין דורכגעאַקערט, אָטעמט פריש
מיט שוואַרצער ערד, מיט פעטע גראָזן.
און לייבל הויבט זיך ווידער אויף אויף זײַנע לאַנגע פיס,
און מיט הארטן באָדן זיך אין קאַמף אַוועקגעלאָזן:
איך שיק דיר, מאַמע-ערד, מײַן גרים...
און לייבל האָט געסאַפּעט און געבלאָזן.

ה

דער אָוונט קיל און פריש איז אויפן באַרג,
מיט שמעקנדיקן צווײַט, ווי אָנגעגאָסן מיט פּאַרפומען.
אין ערגיץ ווײַט האָט זיך צעיאָמערט אַ שאַקאַל,
היענעס האָבן אים געהאָלפן אונטערברומען.
לבנה אויפן בערגל קוקט אַראָפּעט קאַלט,
אַ שווײַגנדיקע און אַ שטומע.

די שטיבעלעך — ווי באַנקעס צוגעקלעפּט צו זאַמד און ערד,
עס לײַכטן שײַבעלעך, ווי רויטע אויגן.
אַ פּאַלמע, הויך און שלאַנק, האָט אירע בלעטער שווער
און אומעטיק געבויגן.
און אויפן הימל האָט דער גרויסער בער
צו צפון זײַט זיך אויסגעצויגן.

די געלטן שטייען דאָ, ווי זעגלען אויפן ווינט,
מיט שפּיצן אויפגעהויבן, ווי ווײַסע הענט צו הימלען.
אין קינדער־הויז האָט זיך צעוויינט אַ קינד,
און לייבל אויף זײַן האַרטן בעטל קען ניט דרימלען;
אים דוכט, די נאַכט זי זוכט אים בלינד
און קען אים ניט געפינען.

די ביינער מיד און שווער, ווי אָנגעגאָסענע מיט בלײַ,
ער דרייט זיך, ווי אַ שלאַנג, אויף זײַן געלעגער.
דריקט צונויף די ברעמען און לאָזט זיי ווידער פרײַ,
און פילט זיך ווי ער געקומען וואָלט פון ווײַטע וועגן,
עס ווילט זיך אים פון האַרצן טאָן אַ שרײַ,
די גאַנצע וועלט זאָל אים דערהערן.

ער לויפט אַרויס פון געלט און זעצט זיך אויפן זאַמד —
לבנה ליכטיק, העל איז אויפגעגאַנגען.
אין לייבלען פלאַמט וואָס, צינדט זיך אָן אַ בראַנד,
עס עפנט זיך אַ קוואַל אַ ליכטיקער פון ערלעכע געזאַנגען.
ער פילט: ס׳גלעט די נאַכט אים מיט איר קילער האַנט
זים אַזוי און אָנגענעם און באַנג דאַך.

ער הערט, ס׳זינגט אין אים דאָס האַרץ, דאָס בלוט,
און ווערטער תפילה׳דיקע די לעפצן זײַנע בריען;
געדענקט די ווערטער, אָ, ער ווייס זיי גוט:

„ותחזינה עינינו בשובך לציון"...
(און דווקא אין אָט דער מינוט
האָט אויפֿן באַרג אָן אייזל זיך צעשריען).

זײַן טאַטע האָט די ווערטער אויסגעדאַוונט מיט געוויין,
מיט ליבשאַפֿט האָט ער זיי פֿון מויל אַרויסגעלאָזן.
אויף אוקראַיינער באָדן פֿוילט איצט זיין געביין
אין פֿעטער ערד, אין גרינע גראָזן,
און אויף זײַן קבר האָט מען נישט קײַן שטיין
איבערגעלאָזן.

אויף אוקראַיינער באָדן פֿוילט דאָרט זײַן געביין,
דער זון, ער אַקערט ערד דאָ, רײַסט אוים ווילדע גראָזן.
עס בליט אויף דאָרט, ווו ערד געווען פֿאַרשטיינט
און ווו שאַקאַלן האָבן נאָכגעיאָגט נאָך האָזן,
היענעס האָבן אין געיעגן מיט געוויין
איינער נאָך דער צווייטער זיך אַוועקגעלאָזן.

און ער, דער זון, נו יאָ — דער זון...
און לייבעלע באַטראַכט די בלאָזן אויף זײַן האַנט, די בלאַטערס.
אַ יעדע איינציקע מאָזאָליע ווערט געווים אַ פּונט
און איז נישקהשדיק געראָטן.
און לייבל בלאָזט פֿון ווייטיק אויפֿן פרישן וווּנד,
וואָס די טוריה האָט אים אויסגעבראָטן.

נאָר מיטאַמאָל דערפֿילט ער פֿרייד אין בלוט,
פֿאַר זײַנע טעג וואָס טרעטן דאָ אויף אויסגעבענקטן באָדן.
עס פֿירט זײַן דמיון אים צו יענער שטוב,
וואָס אין זײַן שטעטל, מיט אַ רויטן לאָדן, —
עס שפּאַנט נאָך דאָרט אַרום די קו,
וואָס פֿרעסט גראָז אויף מאַמעס באָדן.

אין שטוב די מאַמע זיצט, די מאַמע, ווײַ איז איר אַצינד,
פון אירע אויגן גרויסע טרערן טריפן:
אין אונדזער לאַנד, פאַרגעסן זאָלסטו ניט, קינד,
צו אָנשרײַבן דער מאַמען דײַנס אַ בריוול...
די וועלט איז גרויס... די וועלט איז בלינד...
אויף ברייטע ימען פאָרן שיפן — — —

ו

אין צעלט בײַ לייבלען ברענט אַ לעמפּל נומער פינף,
באַלײַכט אַ טישעלע פון רויען האָלץ, אַ בלאַט, אַ ביכל.
עס זשומט אַרום אין צעלט און ס'בלאָנדזשעט אום אַ בין,
אַ זשוקל קרײַזט אויף דר'ערד און וויים ניט ווי אַרויסצוקריכן.
די נאַכט אין דרויסן — מיט טוי פון דעכער רינט,
עס ליגט דער הימל אויסגעשפּרייט — אַ בלויע טיכל.

נאָר לייבל טרעפט ניט הײַנט דעם וועג צו פרילינגדיקער גאַס,
און עפּעס איז פאַר אים פאַרצאַמט דער דרויסן;
אויף בעטל זײַנער ליגט ער אָפּגעמאַטערט, בלאַס,
עס לײַכטן זײַנע אויגן ברוינע, גרויסע.
ער איז הײַנט קראַנק, עס ברענט אין אים אַ כעס,
ער וויים אַליין פון זיך ניט ווי אַרויסגיין...

וואָס איז דיר, לייבל, וואָס?... אַ שיף איז דיר אַוועק,
אַ שיף דײַנע אין ים האָט זיך דערטרונקען?
אַזוי אַראָפּ מיט גאַנצענעם געפּעק
און טיף פאַרזונקען?
צי איז אַ שאָד דיר דײַנע טעג,
וואָס זענען זיך צעפלויגן, ווי די פונקען?..

וואָס איז דיר, לייבל? לייבל שווײַגט,
ער גרונטעוועט און קען זיך ניט דערגרונטן;

גערדאַנקען שווערע קומען אָן, ווי בליַי,
עס יאָגן זיך מחשבות, ווי וויַין פון אָפענע שפונטן.
די פינגער זיַינע קנאַקן, ווי די צווייַגן,
מיט אָפענע און מיט פאַרמאַכטע ווונדן; —

וואָס איז ער דאָ, אַ פּראָסטער שוועל
אויף בריִקע און הייסע זאַמדן,
הפקר איז ער, הפקר איז זיין פעל
אין דעם לאַנד דאָ.
דער הימל איז זיַין דאַך, זיַין וווינונג — דאָס געצעלט,
און ער אַליין — אַ הפקרדיקער וואַנדער.

פאַר קומענדיקן דור איז ער אַ בריק,
פאַר זיך אַליין וואָס איז ער, לייבל, נחמן־שוחטס?
ער האָט שוין ניט קיַין וועג צוריק,
און דאָ קיַין היים האָט ער ניט אויכעט,
אויף פרעמדער ערד געשטאַנען איז זיַין וויג
עס ציט אים נאָך אַהין מיט אַלע כוחות.

כאָטש ליב האָט ער די ערד און ליב דעם קאָלעקטיוו,
דאַך עפּעס איז ער ניט מיט זיך אינגאַנצן, —
ווען חברה אין דעם עס־צימער, אין גרויסן צריף,
לאָזן זיך אָוועקעט אין אַן אָוונט טאַנצן,
שטייט אַליין ער ווי מיט אַ טרויעריקן בריוו;
אָרום אים — פּנימער פון שמחה גלאַנצן.

שטייט ער, לייבל, שטייט ער אַן אַ זיַיט,
און עפּעס פילט ער פרעמד זיך, אַ פרעמדער און אַ נאָנטער.
עס מאָנט ביַי אים זיַין בלוט און שריַיט,
ביַי זיך אַליין אַ חשבון מאָנט ער:

וואָס שטייסטו, ברודערל, וואָס שטייסטו אָן אַ זײַט
און דו פֿאַרשעמסט דעם יום־טוב?..

ווער ביסטו, לייבל, אַ, ווער ביסטו, זאָג!
וואָס ליגסטו איצט און שווײַגסט בײַ זיך אין בעטל?
נאָר אויך פֿאַר דיר וועט אָנקומען דײַן טאָג,
וועט אָנקומען דער טאָג, צי פֿריער, שפּעטער!
ווער האָט זיך עס אין דיר אַזוי צעקלאָגט,
ווי דער ווינט אין האַרבסטיקע, אין געלע בלעטער?

נאָר לייבל ליגט פֿאַרטראָגן אין געצעלט,
ער שלעפּט אַ שטרוי אַרויס פֿון האַרטן שעניק.
די נאַכט פֿאַלט צו, צו לייבלען, ווי אַ שוואַרצע פֿעל,
שטערן איינציקע אין הימל ברענען;
און עפּעס ווערט אים אַזוי טרויעריק די וועלט,
בײַ זיך אַליין ווערט ער געפֿאַלענער און קלענער...

אין עס־צימער איז ליכטיק און עס רעש׳ט,
געשריי רײַסט זיך אַרײַן אַזש אין געצעלט דאָ;
נאָר לייבל אויפֿן בעטל ליגט פֿאַרמאַטערט, בלאַס
און טראָגט זיך ערגעצן אין ווײַטע וועלטן,
און עפּעס פֿילט ער זיך, ווי אויפֿן גאַס —
עס וואַרפֿט אין היץ און קעלט אים...

ער ליגט און ס׳גליט אויף אים די הויט,
עס רינט דער שווייס פֿון אים מיט שפּע.
מיט אויגן אָפֿענע, פֿיבערדיק און רויט,
ער מאָנט און מאַכט זײַן חשבון־הנפֿש.
פֿון מיטאָג שטייט די זופּ נאָך לעבן אים מיט אַ שטיקל ברויט,
פֿון טעלער קוקט אויף אים אַרויס די לעפֿל...

ז

ס'איז היינט אַ טאָג פֿון רו און לייבל שרייבט אַ בריוו:
...זײַ, מאַמע, וויסן, אַז איך בין אַ היגער,
אָט גלײַך, ווי נאָר מיך האָט געבראַכט אַהער די שיף,
האָט אויפֿגעזונגען טיף אין מיר אַ ניגון.
איך וויל, זאָלסט האָבן עפּעס אַ באַגריף,
ווי ס'זינגען שירה אַלע מײַנע גלידער.

אויך איצטער נאָך, נאָך יאָרן זײַן אין לאַנד,
עס זינגט אין מיר מיט בענקשאַפֿט און אָן ווערטער...
דער טאָג איז דורכזיכטיק, ווי פֿון מײַן צריף די וואַנט,
און שטיקלעך הימל קוקן אַרײַן דורך אַלע ערטער;
דער דרויסן — הייס אַרומגעכאַפּט מיט בראַנד,
מען רופֿט עס דאָ „חמסין", דעם ברענענדיקן וועטער.

ס'איז הייס און שווער און ביטער אויך אַמאָל,
ביז וויטיק שנײַדט אין האַרצן שאַרפֿער אומעט;
מען הערט דאָ אָפֿט אַפֿילו ניט דעם אייגן קול,
וואָס רײַסט פֿון לײַב זיך שטיל אַרויס אַ שטומער,
און שווער ווערט שלעפּנדיק אויף זיך דעם עול,
כאָטש נעם און וואַרף אַראָפּ אים, ווי אַ קלומעק.

נאָר גיי און וואַרף אַראָפּ ווען ליב איז דיר דער יאָך
אָט ווי ער איז מיט צער און לײַדן,
עס ווערט אויך גרינג אַמאָל, כאָטש גיב מיט הענט אַ פּאָך
און פֿלי אַרײַן גלײַך אין גן־עדן...
ס'איז אונדזער לאַנד, כאָטש שווער — איז טראָג דעם יאָך,
און וואָס איז דאָ צו ריידן — — — —

און ווײַטער בענטשט מען זיך מיט אונדז, מען זינגט אונדז לויב,
מען האָט אין דיקע ביכער אויך שוין אונדז באַשריבן;

נאָר מיר אַליין, מיר זענען, מאַמע, שטויב
אָפּטמאָל אַט, דוכט זיך, ווערן מיר צעריבן,
דאָך טרעפט, אַז אויך דער גלויבן, יאָ, דער גלויבן
ער וואַקלט זיך אַמאָל, ווי אונדזער דאָך פון שטיבל...

אַוודאי איז דאָ, מאַמע, שווער אין אונדזער לאַנד,
אין אויסגעבענקטן, אויסגעדאַוונטן, אין ציון.
עס ברענט די זון, ווי ווינטער אונדזער אויוון־וואַנט,
די זאַמדן אונטער פיס דאָ בריען;
דאָך כ׳שווער דיר, מאַמע, ביי מיין רעכטער האַנט,
אַז כ׳וועל פון גלות דיך אַהער אַריבערציען;

ס׳איז כדאי צו זיין דאָ, און פילן אייגן ערד אונטער די פיס,
ווי ס׳פילט אַ מענטש זיין אייגן, אויסגעוואָרעמט בעטל...
איך שיק אַריבער איצט דורך דיר אַ גריס
צו די חברים מיינע אינעם שטעטל.
איך נעם אַרום דיך, האַרציקע, און קוש,
אין דאַוונען מעגסטו אויך פאַר מיר דאָרט בעטן...

אַזוי האָט לייבל אָנגעשריבן יענעם זומערדיקן טאָג
דעם בריוול צו זיין מאַמע ריווע,
און עפּעס האָט אין אים זיך יאָמערלעך צעקלאָגט,
און ווי אַ פרומער ייִד, צעשאָקלט זיך איבערן בריוול.
ער האָט געפילט, אַז עפּעס האָט ער ניט דערזאָגט
און עפּעס ניט דערשריבן.

ח

ס׳איז נאָך אַ טאָג אַוועק און נאָך אַ יאָר,
ווער ציילט די טעג וואָס זענען אויפן בערגל אָפּגעפלויגן?
און לייבל איז געוואָרן אָפּגעברענט און שוואַרץ, ווי זיינע האָר
וואָס פאַלן אים אַרונטער אויף די אויגן.

ער איז שוין צוגעווּוינט צו גיין אין שווערן יאָך,
ווי פערד אין שפּאַן, מיט טוריה און מיט קאַסע.
עס לויפט אַ טאָג, אַ וואָך לויפט נאָך אַ וואָך,
עס לויפן די חדשים.

דער זעלבער זופּ אין יעדן אויפדערנאַכט,
אויך די פאַרזאַמלונגען זײי לאָזן גאָרנישט איבער,
ס'האָט לייבל שוין אפילו אויפגעהערט צו טראַכטן
און גיט צו די געדאַנקען זיך נישט איבער.

ער טרעפט, אין הארצן גיט אַ שאַרפער נאָג,
עס גיט אַ בענק זיך נאָך אַ שמחה, אַ באַקאַנטע,
ווײַל עפּעס ציט זיך ליידיק דאָ דער שבתדיקער טאָג
און עפּעס פילט מען ניט קיין יום-טוב.

ס'איז שווער צו שלום מאַכן מיטן דאַזיקן געדאַנק:
אַזוי וועט עס שוין גיין און וועט שוין בלײַבן.
און מיר, מיר זענען שוועלן נאָר פאַר עמיצנס אַ גאַנג,
אַ בריק פאַרן קומענדיקן דור — אונדזערע לײַבער...

ס'איז לייבל יונג נאָך, מיט הייסן בלוט, און כוח איז נאָך דאַ
אַ וועלט אַ גאַנצע איבערקערן.
ער גייט אַרויס פון צעלט, דער הימל בלאָ
און אויסגעשטערנט.

עס ווערט דער הימל נאָענט אים שטאַרק אַזוי,
כאָטש ס'מאַכט די דורכזיכטיקע לופט אים העכער.
אַרום — די צריפים שטייען, טרינקען זיך אין בלוי,
ווי פולע דורכזיכטיקע בעכער.

מען שלאָפֿט שוין אין די צריפֿים אָנגעהאָרעוועט און מיד,
ביי אָפֿענע און ביי פֿאַרמאַכטע שויבן,
נאָר לייבל, ס'נעמט קיין שלאָף אים ניט,
און ווערט פֿאַרפּלייצט מיט ליבשאַפֿט און מיט גלויבן;

ער גלויבט, ער גלויבט אַז ס'וועט זיך אויפֿכאַפּן דער באַרג
מיט פֿרישע כוחות און מיט נייע לידער,
אַזוי ווי מען האָט פֿון בראשית אָנגעהויבן דאָן
און עפּעס נײַס וועט מען שאַפֿן ווידער.

ער האָט זיי ליב די שטיבעלעך וואָס שלאָפֿן איצט באַרוט,
ער וואָלט געקושט אַ יעדער ברעטל וואָס איז דאָ פֿאַראַנען.
ער ווייס, וויפֿל מסירת־נפֿש, וויפֿל בלוט
עס האָט געקאָסט אָט דאָ אַרויפֿצושפּאַנען.

פֿון אומעטום געקומען זענען זיי
און זיך דאָ אײַנגעשפּאַנט אין גרויע יאָכן,
און איצט דער בערגל לעבט און ליגט צעשפּרייט
מיט חסד און מיט ברכה.

דרייַ דורות זענען שוין אויף אים פֿאַראַן:
דאָס קינד, דער טאַטע און די זיידעס גרויע...
אים ווילט זיך אויסקושן אַ יעדער שפּאַן
פֿון בערגל, וואָס ליגט צעווייקט אין טויען.

עס לאָזט דער פֿריערדיקער צער אים אָפּ אַזוי,
ער קניט און קושט די ערד אין נעכט, אין שפּעטע...
דער הימל אויסגעשטערנט, טיף און בלוי
דעקט אים אײַן מיט טונקלעניש און גלעט אים...

ט

ס'איז אַנגעלאָפֿן, ווי אַ שוואַרצער פֿערד, נײַנצן־זעקס־און־דרײַסיק
מיט בלוט, מיט מאָרד, מיט שחיטה.
די מערדערישע האַנט, זי האָט געאַרבעט פֿלײַסיק
און יעדער אויפֿדערנאַכט געפֿירט האָט מען אַ שוואַרצע מיטה.
אַ יעדער טאָג געבראַכט האָט נײַסן
טרויעריק־צעבליטע.

אַ יעדער מאָרגן־בלאַט געבראַכט האָט שוואַרצע ראַמען
מיט נעמען אויסגערעכנטע פֿון קדושים.
די תבואה אָפּגעשניטענע האָט אויפֿגעפֿלאַמט,
און פֿײַער לעקט דעם הימל בײַ דער נאַכט מיט צונגען הייסע.
ס'האָט זיך צעבונטעוועט ישמעאלס שטאַם
דורך ווילדער, דורך אומזיסטער שנאה אויפֿגערייצטע.

די וועגן זענען זיכער ניט געווען,
און מאָרד געלויערט האָט פֿון יעדן ווינקל.
אין אָוונט, פֿון אַלע זײַטן, דער הימל האָט געברענט
און פֿײַער־שאָסן האָבן אויפֿגעפֿינקלט;
עס האָט געדוכט: מיר וועלן שוין פֿאַרלענדט,
דורך שׂנאה גיפֿטיקער אַרומגערינגלט...

און אויפֿן בערגל האָט מען זיך גענומען רירן,
און חברה האַלטן זיך אין גרייטן.
די לעצטע נײַס האָט עמיצער געבראַכט צופֿירן:
אין יפֿו איז פֿאַראַן אַ צענדליק טויטע.
און לייבל האָט זיך מיטאַמאָל דערפֿילט,
אַז עפּעס קריכט ער אויף אַ לייטער;

אַז עפּעס קריכט ער ערגיץ אין די הויכן,
אָט גיט ער באַלד אַ פֿאַל צוריק אויף דר'ערד אַ נידער.

אין אים האָט שאַרף דער ווייטיק זיך צעלויכטן,
ווי ווײַן צעשפּרייט זיך אין די גלידער.
ער האָט געמאָנט: וואָס איז עס פֿאַר אַ רו בײַ אײַך אָט דאָ? —
געבעטן זיך: וואָס שלאָפֿט מען, ברידער?

נאָר חברה האָבן זיך געלערנט גיין אין רייען,
נאָר חברה, האָבן זיך געלערנט לאָדענען די ביקסן,
ס׳איז אַלץ געגאַנגען שטיל און אָן געשרייען,
מען האָט אויף פּוסט געלערנט שיסן.
נאָר לייבל, ניט געקענט האָט ער פֿאַרשטיין,
נאָך וואָס איז זיך דער גרייטן דער אומזיסטער?

דער בערגל — אַ קמיע אײַנגעפּאַסט אין באָדן יידישן אַרומעט,
אַ שטאָט, אַ יידישע אַנטקעגן;
זיי וועלן דאָך אַ הער ניט קומען,
און דאָרטן — מאָרדעט מען אויף אַלע וועגן...
עס האָט דער צער אַ שווערער און אַ שטומער
געשטיקט אים, ווי אין דרויסן ערב־רעגן...

די חברה האָבן זיך געלערנט גיין אין רייען,
און אויסגעהערט פּקודות פֿון די באַפֿעלער
אָט, ווי דעם ביקס צו האַלטן, ווי צו שטיין,
אַראָפּלאָזן אים פּאַרזיכטיק — אַ פֿאַרצעלײַען טעלער.
פֿון צײַטונגס־שפּאַלטן יעדער טאָג האָט אָנגעיאָגט געוויין
און אויפֿן בערגל האַלט מען נאָך אין קנעלן...

איז לייבל אין אַ פֿריִיקן באַגין
אַוועק, אַוועק אַהין, ווו ס׳ברענט דאָס לאַנד אין פֿלאַמען.
אַרום די פֿעלדער ליגן זוניק, גרין,
מיט ליבשאַפֿט קוקן נאָך זיי לייבלס שפּאַנען.
ער פֿילט, אַז ס׳האָט זײַן גאַנג אַ זין
און ס׳וועט דערפֿירן אים זײַן טריט צו וואַנען...

,

ער איז אוועק אין עמק, אין גליל,
ער איז געווען אין די סכנהדיקסטע ערטער.
ער איז אויף וואך געשטאנען אינדערשטיל
און ווי א חיה צו דעם דרויסן צוגעהערט זיך.
אין גראז האט ערגיץ ווו געגרילצט א גריל,
די נאכט געלעגן איז א טונקעלע, א שווערע.

ער איז געלעגן אויף א ייִדיש פעלד
און אויפגעהיט די זאנגען פון פארניכטן,
און אויף דער זעל, און אויף זײַן יונגער זעל
איז אים געווען ליכטיק.
ער איז געקומען, זיך אוועקגעלייגט — א שוועל
אן אומגעריכטער.

ער האט פון ביקס געדריקט די ברוינע האלץ צו זיך,
און האט פון רער געגלעט דעם קאלטן אײַזן:
גענוג די בייזע האנט געטויט האט און פארניכט,
מער וועלן זיי שוין ניט באווײַזן...
און פלוצלינג האט אויף אים א פלייץ געטאן מיט ליכט —
א פראזשעקטאר טוט א דריי זיך, ווי א ווײַזער.

ער האט אויף שטיל ארײַנגערעדט אין גראז,
און האט אין פײַכטן זאמד ארײַנגעהעשעט:
עס לויפט דער טויט ארום דא, ווי א האז,
פון הינט געטריבן דארט אין אונדזער געסל.

דו ערד, דו ערד! ליגסט ווארעם אונטער מיר,
ווי א געטרײַע ווײַב מיר גיסט זיך איבער.
מיר האבן דורות לאנג געצויגן זיך צו דיר
דורך גרענעצן, אויף שארפע שווערדן זענען מיר אריבער.

און איצטער ביסט געוואָרן אומזיכער, ווי אונדזער טיר
וואָס הענגט דאָרט אויף מײַן מאַמעס אַלטן שטיבל.

אַט איצטער ליגנדיק אויף דיר אין אַט דער נאַכט,
איך פֿיל צו דיר אַ גרויסע ליבשאַפֿט אין די גלידער;
ווי איך, עס זענען איצטער אויף דער וואַך
נאָך הונדערטער פֿון מײַנע ברידער,
זיי ליגן צוגעדעקט מיט שטיקער נאַכט
אויף ערד דײַנער, ווי צוגעשמידטע.

זיי ליגן אויף די פֿעלדער דײַנע אויסגעשפּרייט
מיט ביקס געלאַדענעם, מיט הייסע קוילן,
זיי זענען פֿאַר דײַן יעדן שפּאַן איצט גרייט
זיך לאָזן קוילען.
זיי גייען מוטיק איצט אַנטקעגן טויט
וואָס האָגלט אויף די פֿעלדער דײַנע נאַקעטע און הוילע.

דו ערד, דו ערד!.. ער האָט דערהערט אַ ווײַטן שאָרך,
אַ שאָס, אַ שאָס און זיך צעשפּרונגען;
די נאַכט, ווי ער, האָט אויך זיך אײַנגעהאָרכט
ווי ס'האָבן ווײַטע שאָסן אָפּגעקלונגען.
אַ גריל אין גראָז האָט פֿרײַ און אָן שום פֿאָרכט
אונטערגעזונגען.

ער איז אַרויס און זיך געלאָזן גיין
מיט שטילע טריט, מיט אײַנגעהיטע.
עס שפּרייט די נאַכט זיך איבער פֿעלד און פֿליין —
אַ ריזיק שוואַרצע מיטה.
אין הימל האָט אַ שטערן אויפֿגעפֿינקלט, ווי אַ דימענטשטיין
און צעגליט זיך...

און לייבלען איז געוואָרן מאָדנע גוט,
ווי זיסקייט וואָלט ער פילן אויפן גומען;
ס׳האָט עפּעס אויפגעברויזט ביי אים אין בלוט,
האָט ער פון פרייד זיך מיט אַ בוים אַרומגענומען.
ער האָט דערפילט, ווי ס׳שטראָמט פון בוים מיט פרישן מוט,
מיט שטומען.

דו בוים, דו בוים! — האָט ער צו אים גערעדט —
איך היט דיך אָפּ און וועל דיך ניט פאַרלאָזן!..
ער האָט די שאָרסטקע קאָרע פונעם בוים געגלעט,
און בוים און מענטש האָבן זיך אין נאַכט צונויפגעגאָסן;
אין הויך אַ לויכט געטאָן האָט אַ קאָמעט
און זיך פאַרלאָשן...

און לייבל האָט נאָך אַלץ געגלעט די שאָרסטקע קאָרע פונעם בוים,
מיט ליפּן הייסע האָט ער זיך צו אים געטוליעט.
דער בוים, צעוואָקסן הויך אין שוואַרצן רוים,
האָט איבער לייבלען זיך געוויגט, געליוליעט.
אין דער שטילקייט פון דער נאַכט הערט לייבל ווי בלעטעלעך פון בוים
זינגען: „הללויה!״...

יא

און אין אַ נאַכט פון נעפּל און פון טוי,
ווען פינצטערניש פאַרוויקלט האָט דעם דרויסן,
פאַרשטעקט געלעגן לייבל איז אונטער אַ בוים,
און איינגעדעקט די פיס זיינע די גרויסע.
אַרום געבושעוועט האָט טויט,
געררויכערט זיך אין פייער-פאַנען הייסע.

געהאָגלט האָבן קוילן און געפייפט,
אין ערגיץ האָט געברענט דער הימל.

און לייבל איז געלעגן שטײַף,
און האָט געטאַפּט פון ברוינעם ביקס דעם רימען.
געטראָגן האָט זיך העסלעכער געשריי, געפּײַף
און פײַער־שאָסן האָבן אויפגעבליצט, ווי רויטע בלימלעך.

ס'האָט לייבל שנעל אַ צי געטאָן דעם שלאָס פון ביקס,
אַרײַנגעלאָזן גיך אַ קויל אין לופע,
אַ דריק געטאָן דעם צינגל — האָט פון די הענט דערלאַנגט אַ ריס —
און דער אַרום האָט אימהדיק זיך אָפּגערופן.
אַ צווייטער שאָס האָט אָפּגעקלונגען, ווי אַ טרויעריקער גרום,
און אויפגעריסן אין דער לופטן.

נאָר זיי האָבן דערנענטערט זיך אַלץ מער,
מיט ציל צו מאָרדן און צו אונטערצינדן;
ס'האָט אונטער לייבלען שוין געטרייסלט זיך די ערד,
אַן אַרומגערינגלטער פון שנאה בלינדער,
דער ביקס געוואָרן איז אים הייס און שווער, —
פון ערגעץ איז שוין בלוט פון אים גערונען.

מיט ציטערדיקע פינגער טאַפּט ער ס'לעצטע קויל
די איינציקע, וואָס איז אים נאָך פאַרבליבן,
ער פילט שוין נאָנט פון טויט — דעם גרויל,
וואָס האָט מיט פײַערדיקע ווערטער אין דער נאַכט פאַרשריבן:
פון דאַנען וועט מען לעבעדיק שוין ניט אַרויס,
דער טויט וועט שוין דאָ איבער אַלץ אַריבער...

און פּלוצלינג האָט דערלאַנגט אַ שאָס, אַ ברי,
נאָר באַלד צוריק זיך אויסגעלאָשן.
ס'האָט לייבל זיך אַ הויב געטאָן, אַ פלי, —
צוריק געפאַלן אויף די פײַכטע גראָזן.

ער האָט געטאַפּט און נישט דערטאַפּט דעם ביקס
וואָס איז לעם אים געלעגן אָנגעלאָדן.

ער האָט דערפילט, אַז ער גייט אָפּ מיט בלוט,
און עפּעס רינען שטיל פון אים אַרוים די כוחות;
און אויפגעלויכטן האָט אים אין דער איצטיקער מינוט
זײַן פרומער טאַטע, נחמן-שוחט,
עס האָט געבויגן זיך איבערן זון
דער סקעלעט, אַ שמאָלער און אַ הויכער.

מיט פינגער ביייניקע ער גלעט דעם זונס געזיכט,
און צאַרט באַטאַפּט ער לייבלס ווּנדן,
און אויפגעלויכטן האָט אַ גרויסע ליכט, —
סקעלעט, ווי אַן הבדלה, האָט זיך אָנגעצונדן,
און ווי ער איז געקומען אומגעריכט
אַזוי איז ער צוריק פאַרשווּנדן...

פון מידקייט האָט די ברעמען לייבל צוגעמאַכט,
די אויגן-לעדלעך שוואַך אַזוי געשלאָסן בלאַסע;
עס האָט זיך איצטער לייבלען אויסגעדאַכט:
ער איז דאָס בריקעלע פון שטוב, וואָס ערב-פּסח האָט
פאַרשווינקט דאָס וואַסער...
עס האָט דעם גוסס צוגעדעקט די נאַכט
מיט קילן טוי, ווי מיט באַנדאַזשן נאַסע — — —

ווינטער 1938

א

יאָרן גייען דורך פאַר מײַנע אויגן.
טעג, ווי פּערל אויף שנירעלעך געצויגן,
טויכן אויף פאַר מיר. יענע ווײַטע יאָרן
גייען דורך, ווי סטענגעס ליכטיקע, אין מײַן זכרון,
ציען זיך מיט אַלערליי קאָלירן;
פירן מיך אַוועק אין ווײַט און פירן
קריק דורך יענע טעג אויף ווילנער גאַסן.
איצטער האָבן זיך די טעג פאַרהאַלטן אויף אַ ווײַלע
בײַ די טרעפּ פון דער ישיבה של ראַמײַלעס.

ס'איז אַ גרויסער צוויי-עטאַזשנער מויער,
מיט אַ דאַך-שטיבל פאַרמאַכט, — אַ טויבער אויער.
פיר יאָר בין איך ביז אין פרימאָרגנס גרויע
געזעסן און געלערנט דאָ גמרא:
„שניים אוחזין" און „שור שנגח את הפרה".
געזעסן און געזאַמלט תורה און עין-הרע,
ווי אַ פויער ווייץ און קאָרן
זאַמלט פאַר זײַן שײַער...

„אוי, אמר רבא, אוי, אמר אַביי!" — — —
גערימט האָט מיך דער רבי מײַנער, פון דער ערשטער פּיתה:
„אַזאַ מתמיד, טרעפט זיך איינמאָל אין אַ שמיטה".
אויפן צווייטן „זמן" בין איך אַריבער
צו ר' משהן אין זײַן „שטיבל".
אַן אַלטער מאַן, זײַן פּנים — אַ רבנישער, אַ בלייכער,
אין וווקס ניט געוועזן איז ער קיין הויכער,
נאָר אַקסלען — פּריציש-ברייטע.

די הענט, די הענט זענען בײַ אים געווען האַלב שוין טויטע,
די פינגער, ווי די צווײַגן אין אַ ווינטיקן געוויטער,
זיי האָבן זיך צוזאַמען מיט די הענט געטרייסלט און געציטערט.
געדיכט די ברעמען זײַנע, גרויע, בייז פאַרצויגן,
נאָר אונטער זיי — געפינקלט אַ פּאָר גוטע, ברוינע אויגן;
אויף יעדן תּלמיד געקוקט מיט טרײַשאַפט און מיט ליבע,
זיך נאָכגעפרעגט אויף היים און ווער איז דאָרט געבליבן:
„טאַטע, מאַמע? קינדער — וויפל? זאָג, נישקשה,
און פון וואַנען ציט מען די פּרנסה?"

האָט עמיצן פון די תּלמידים וואָס געפעלט,
דערלייגט ר' משה פון זײַן אייגן געלט,
און ברומט, זיך בייזערט, אויף זײַן שטייגער:
„אָט נאַ, און נעם, און דריי זיך מיר ניט פאַר די אויגן!"
און פלעגט אויף אים אויך אָנשרײַען און צערענען:
„אַ בחורל ווי דו, דאַרף קענען לערנען!
אַ טאַטע שיקט אַוועק זײַן קינד אין ווײַטן, —
איז וויל ער דאָך זאָלסט זײַן אַ לײַט צווישן לײַטן;
איז וויל ער דאָך זאָלסט קענען לערנען תּורה".
דער בחורל אַוועקגיין פלעגט הכנעהדיק, מיט מורא,
ווי אײַנגעקאָרטשעט, אײַנגעבויגן.
בײַם רבין פלעגן זיך צעשמייכלען זײַנע אויגן.

אַזוי זענען געווען זײַנע וועגן:
צו געבן און מיט עפּעס תּיכּף דאָס פאַרדעקן,
בייזערן זיך און ברומען
דער נעמער זאָל פאַרגעסן אַז ער האָט גענומען,
נאָר סתּם, ווי אויסגעשייגעצט פאַרן שטיפן.
דערבײַ איז נאָך אַ מין געווען אַ טיפער,
דער בחורל ניט פילן זאָל זיך גאוהדיק און זײַן פאַרריסן, —
און זאָל ער טאַקע וויסן!..

ב

צו דעם ר׳ משה׳ן בין איך אָנגעקומען,
אַ בחור׳ל אַ שטילער און אַ פרומער.
מיט קאַלטע פינגער מיך אַ קניפּ געטאָן אין בעקל,
און אָנגעוויזן אויף מײַן אויפגעפּראַלטן רעקל:
„דו זע, וואָס גייסטו עפּעס אויפגעשפּילעט,
דו קענסט חלילה זיך פאַרקילן!
און גלאַט, וואָס איז עס פאַר אַן הילוך?
אַ בחור, קײַן עין הרע ניט, פון פערצן-פופצן יאָר
זאָל גיין מיט ניט-פאַרקעמטע האָר!"
בין איך געבליבן שטיין, ווי אָפּגעבריט:
אַ בייזער ייד.
דער רבי איז שוין לאַנג אַוועק מיט שטילע טריט...

אַט יענער ווינטער מיט שאַרפע פרעסט
האָט זיך אין בלוט בײַ מיר אַרײַנגעשניטן.
אין „כּיתּה" די בענק געשטאַנען זענען ווי אַ חי"ת,
דעם רבינס הויכער שטענדער אינדערמיטן
(באַאַרבעטן אים פלעגן חברה מיט מעסערלעך און אותיות קריצן).
דער רבי, אויפן הויכן שטול פלעגט ברייטלעך זיצן
און דורך די ליפּן — פאַרוואָקסענע מיט באָרד און וואָנסן גרויע —
פלעגן פאַלן שטיקער גמרא, אויסגעמישט מיט תוספות און מהרש"א.
דורך זײַנע האַלב-פאַרמאַכטע ברעמען
האָט ער אונדז אָנגעקוקט צי מיר באַנעמען.
געזען אַ דורך און דורך זײַנע תּלמידים אויף די ערטער,
וועלכער בחורל עס הערט זיך צו צו זײַנע ווערטער,
און וועלכער יינגל חלומט, איז פאַרטאָן אין ווײַטע וועלטן;
און דווקא אים, פלעגט ער אַרויסרופן, אַ קשיא אים אַ שטעל טאָן:
„דו זאָג נאָר, קינד מײַנס — פרעגט ער אים רויִק שטיל —
ווי האַלט בית הלל? און בית שמאי, אפשר ווייסטו, וואָס
ער וויל?" — — — —

און אַז דאָס ייִנגל פּלעגט זיך אויפשטעלן אַ שטומער, אַ פאַרשעמטער, —
מיט כעס ר׳ משה האָט אָוועקגערוקט פון זיך דעם שטענדער,
פון שטול אַראָפּ, און נישט געשענקט קיין קוק דעם ייִנגלס אָרט;
נישט אויסגעמוסרט אַפילו מיט איין וואָרט, —
און שטייענדיק שוין פאַרגעזעצט דעם „שיעור".
דער תלמיד, דער געפּרעגטער, האָט אונטער זיך געשפּירט,
ווי ס׳ברים דאָס האָלץ אים פונעם באַנק און בראָט אַזוי;
דער רבי האָט געוואָרפן שוין אויף אים אַן אויג...

ר׳ משה איז געווען אַ זקן, אודאי זיבעציק און אפשר מער.
ס׳איז אויף די טרעפּ אַרויפגיין אים געוועזן שווער,
פלעגט ער אויף יעדן טרעפּל זיך פאַרהאַלטן,
אַ גלעט טאָן לײַכט די באָרד מיט זײַנע פינגער קאַלטע,
זיך אויפגעהויבן אויף אַ טרעפּל העכער.
ווי נאָר ער גיט אַן עפן אויף די טיר, ווערט תיכף אָפּגעהאַקט ס׳געלעכטער,
די חברה זיצן רויִק אויף די ערטער
און אויף אַ קול מען קײַט די שווערע ווערטער...

ר׳ משה פלעגט בײַם האַנטוך אָפּווישן די הענט,
און מאַכנדיק אַ ברכה קוקן אויף די ווענט,
און כלומרשט אויף די נעגל־שפּיצן,
בגניבה אויך אַ קוק טאָן ווי מיר זיצן.
דערנאָך מיט טריט, מיט שטילע, צוגיין צו זײַן שטענדער,
(אַ שטאַרק פאַרשמאַלצענער, מיט חלב און פון ליכט אַן אויסגעברענטער)
און לאַנגזאַם זיך אַרײַנזעצן אין זײַן שטול דעם הויכן;
אויפהויבן אויף אונדז די אויגן, און עס זאָגט זײַן שמייכל:
מיך וועט איר ניט נאַרן, כ׳קען אײַך אויסגעבונדן...

מיט ציטערדיקע הענט האָט ער זײַן ליכטל אָנגעצונדן,
כאָטש ס׳האָט געברענט עלעקטרע אין דער „כיתה".

האָט נאָכאַמאָל באַטראַכט דעם קינדער־עולם, מיט די אויגן קלוגע,
דערנאָך מיט קאָפּ און באָרד פֿאַרזונקען אין אַ שווערער סוגיה.

ס'איז שפּעט שוין אין אָוונט.
און — אוי אמר רבא!
עס וויגן די בחורים זיך אום מיט געשריי,
און איך צווישן זיי.
מיר שאָקלען זיך אום, ווי די בוימער פֿון ווינטן,
מײַן ליכטעלע שמעלצט זיך, מײַן ליכטעלע רינט שוין;
עס קאַפּעט דער חלב, אויף פֿינגער, אויף הענט,
עס וויגן זיך שאָטנס אַרום אויף די ווענט,
און ס'איז יעדער שאָטן ריזיק און גרויס.
אין „שטיבל" די לופֿט איז פֿאַרשטיקט און איז הייס,
מען גייט אָפּ מיט שווייס.
דער רבי, ער ווינקט מיטן פֿינגער דעם גראָבן.
אַ בחור, אַ יתום הויבט אויף זיך און גייט צו צום עמוד,
ער עפֿנט דעם סידור דעם גרויסן, אין לײַוונט געבונדן אין גרינעם.
זיך האַלטנדיק פֿעסט פֿאַר די טאָוולען,
ער וויגט זיך פֿאַנאַנדער, מיט אַ קינדערשע שטימע, אַ דינע:
„ו־ה־ו־א ר־ח־ו־ם י־כ־פּ־ר ע־ו־ן..."

ג

אַ ווינטערדיקער טאָג. דער דרויסן — שניי.
די ווײַסקייט בלענדט, די אויגן טוען וויי.
די קעגנאיבערדיקע דעכער — ווײַס, די טעלעפֿאָנע דראָטן — ווײַסע,
די גאַנצע שטאָט פֿאַרפֿראָרן ליגט מיט אירע הײַזער.
מען זעט שוין ניט קיין רויטע קאַכל־דעכער,
מען זעט שוין ניט די ווײַס־געציינקטע בלעכן.
און פֿון די גרויסע שילדן זעט מען ניט די ווערטער,
נאָר ווײַס, נאָר ווײַס אויף אַלע ערטער.

עס לויפט דורך אַ געשטאַלט, ווי אָנגעטאָן אַ ווײַסן קיטל,
אײַנגעוויקלט און פאַרוויקלט.
אַנטקעגען, אויפן דאַך פון גרויסן אוניווערסיטעטנעם בנין,
שטייען שוואַרצע ראָבן, ווי זיי דאַווענען אין אַ מנין;
זיי קראַקען, ווי זיי וואָלטן עמיצן גערופן.
אַ קראַקע — און אַ פלאַטער אינדערלופטן,
אַ קראַקע און אַ פלי אַראָפּ אויף טעלעפאָנע דראָטן,
עס האָט זיך שניי, ווי פוך, ווי זילבערנער אַראָפּגעשאָטן.

הויך די פענסטער פונעם קלויז, איך קוק אַראָפּ אויף אונטן,
דער טאָג איז קאַלט, און פריש, און מונטער.
עס ווילט זיך אויפן גאַס אַ לויף טאָן, זיך מיטן שניי אַ מיש טאָן,
דעם טאָג, דעם זילבערנעם אַ גרים טאָן, —
נאָר די גמרא אויפן שטענדער ליגט און שטאַרצעט,
די אותיות אירע זענען הײַנט אין בלענד פון טאָג נאָך שוואַרצער,
עס זינקט מײַן קאָפּ אויף בלעטער פון גמרא,
איך ווײס אַליין נישט, ווו איך האַלט;
די ליפּן מורמלען: שור שנגח את הפרה...
און פלוצלינג גליטשט פון שטענדער און עס פאַלט —
אָט ווי אַ דורכגעבראָכן זיך דורך צאַמען, —
מײַן גרויסע, אין לעדער געבונדענע „בבא קמא״,
און גיט אָן דר׳ערד אַ שטאַרקן קלאַפּ.
אַלע בחורים האָבן זיך דערלאַנגט אַ כאַפּ,
די קעפּ פון די גמראָס אויפגעהויבן:
— וואָס איז געשען?
נאָר זייער קוק איז שוין געבליבן הענגען אין די שויבן,
ווײַל ס׳האָט דער דרויסן זיי געליכטיקט און געבלענדט.

ר׳ משה איז נאָך ניט אַרויף, ער דאַוונט נאָך אַוודאי
בײַ זיך אין צימער, ווי זײַן שטייגער איז, ביחידות.
ס׳איז ניט קײַן חידוש, —

אין קלויז פון אויוון ווערט ער איַינגעטשאַדעט.
אים שאַדט דער ריח פון די שטיינקוילן, לא עליכם,
און עס שטייט דאָך: ושמרתם לנפשותיכם,
באַדאַרף מען היטן זיך. בפרט אַז איינמאָל האָט געטראָפן:
ר׳ משה איז פון טשאַד בײַם שטענדער איַינגעשלאָפן
אין טלית און אין תפילין,
מען האָט אים קוים געקענט דערוועקן,
אַ וואָך אַ גאַנצע איז ער דאָן אין בעט געלעגן.

אין ווינטער דרייט ר׳ משה אויף זיך, ווי אַ בער אין נאָרע.
ער פילט, ווי דורך די קעלט זײַן אַלטע ביסל בלוט ווערט אויסגעפראָרן.
די הויט פון זײַנע הענט ווערט שאַרסטקע אויפגעלאָפן, פּלאַצט,
ווי אויף אַ בוים די קאָרע.
די פינגער — ווערן שטיקלעך אײַז ניט אָנצורירן,
און טײלמאָל דוכט זיך אים: ער הערט זיי אויף צו שפּירן.
און אויך די פּיס, אין ווינטער ווערן שלאַבערדיק, ניט זיכער.
ווער רעדט, אַז ס׳מאַכט אַ בורע זיך מיט אַ געוויכער,
וואָס בלאָזט און טראָגט פון אַלע זײַטן ווינט און שניי,
דאָן אָך־און־וויי...

אַ מאָל אין שטורעם איז דער רבי אומגעפאַלן,
דעם לינקן אַקסל אויסגעלונקען,
אין גאַנצן שיער אין ווייכן שניי פאַרזונקען.
אַ נס, אַ נס ער איז געגאַנגען מיט ר׳ גדליהן,
דעם שמש פונעם קלויז, אַ ייִד אַ גבר, —
האָט ער אים אויפגעהויבן האַלב פאַרחלשט
און אויף אַ וואָגן אָפּגעפירט אין „שטיבל״,
מיט נײַנציקער אים איַינגעריבן
און קוים דערמינטערט.
און כאָטש עס איז אַוועק דער פערטער ווינטער

פון יענעם פאַל, ווען ס׳האָט דער שטורעם אים כמעט פאַרשאָטן,
דאָך זאָגט דער רבי: „אָ, עס איז געזינטער,
ניט דרייען זיך אונטער די פיס דעם שׂטן״.

ווינטער-צייט, ר׳ משה נאָר די קעלט דערשפּירט,
דאַן גייט ער פון זײַן צימער נאָר אַרויף דעם „שיעור״
צו זאָגן,
און פון דער כיתּה — צוריק צו זיך אין חדר.
אַ יעדן טאָג — אַן אַנדער תּלמיד ברענגט פון גאַס צו טראָגן
אַ פּערטל פּוטער, אַ ווייכע שטיקל עוף, אַ ברייטל.
און אינדערפרי, ר׳ משה גרייט פאַר זיך אַליין דאָס עסן,
נאָר מיטאָג — קאָכט פאַר אים ר׳ גדליהס ייִדענע, חנה-פּעסיע,
אַ ײַכעלע צום לעקן ממש...
ס׳איז יעדער טאָג אַן אַנדער תּלמיד אים משמש,
נעמט אויף זיך דעם יאָך מיט פרייד.
און הײַנט? — און הײַנט איז דאָך מײַן ריי...
וואָס שטיי איך דאָ פאַרקלערט?
אויפגעהויבן די גמרא פון דער ערד,
אין אײַלעניש פון אַלע טרעפּ אַראָפּגעלאָפן,
פאַרגעסנדיק אַפילו אַ קוש צו טאָן דעם טאָוול.

ד

איך זע נאָך איצט ר׳ משהס צימער פאַר די אויגן.
אין אונטערשטן עטאַזש האָט זיך אַ לאַנגער קאָרידאָר געצויגן,
פון ביידע זײַטן — צימערן, פאַר תּלמידים׳ס וועגן.
אין יעדן צימער — אַ באַנק מיט עטלעכע געלעגערס;
בעטלעך אײַזערנע מיט שטרוי געבעטע.
אין יעדן צימער — אַ טיש, און אויף די טישן גמראָס,
אַ „מורה נבוכים״, אַ ניט-געבונדענער „מסילת ישרים״.
אַ יעדער צימער איז פול געוועזן מיט הערינג-ריחות,
און מיט ציגאַרן אָנגערויכערט.

די פענסטער האָבן, ליכטיקע און גרויסע,
אַרויסגעקוקט צום ווינטערדיקן דרויסן.
אין איינעם פון די צימערן וווינט ר׳ משה.

איך בין אַרײַן צו אים מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.
צוערשט דערזען זײַן גרויסן שאָטן
וואָס אויפן וואַנט געשאָקלט האָט זיך אין טלית אײַנגעוויקלט.
אַנטקעגן אויף דער מזרח-וואַנט, עם הענגט אַ לאַנגער זייגער
מיט אַ פּאָמפּעדיקל,
וואָס וויגט זיך אום פון לינקס אויף רעכטס און ווידער
פון רעכטס אויף לינקס. עס סקריפּען זײַנע אַלטע גלידער,
פון אונטער אים עס הענגען די געוויכטער מעשענע, ווי ווורשטן, —
די שעהן טוט ער הייזעריק, ווי אַ זקן, אַרויסהוסטן.

אַ גרויסער אַלמער ספרים האָט זיך אויף אַ האַלבער וואַנט פאַרצויגן.
נאָר פּלוצלינג כ׳האָב דערפילט דעם רבינס אויגן
וואָס האָבן זיך אַרויסגעגליצט פון טלית, פון אונטער די געדיכטע ברעמען:
„אברהמל!
דו קענסט דעם טיש שוין גרייטן,
ועסט עסן פרישטיק דאָ, איך וויל מיט דיר וואָס איבערעדן״.
אַ ווײַלע איז געבליבן הענגען נאָך אויף מיר זײַן בליק,
און באַלד האָט ער זיך אויסגעדרייט צום וואַנט צוריק,
גענומען ענדיקן דעם דאַווענען מיט אַ שטילן ניגון,
און בײַ „עלינו״ אויסגעשפּיגן.
דעם טלית-און-תּפילין אויפגעלייגט, צונויפגעבונדן,
די אַלטע ליולקע אָנגעצונדן.

ס׳איז שטיל געווען. עס האָט זיך נאָר געהערט דעם רבינס קײַען,
דאָס וויגן זיך פון זייגערס פּאָמפּעדיקל,
פון גאַס האָט זיך אַהער דערטראָגן דאָס פורמאַנסקע שרײַען,
דאָס גלעקלען פון אַ שליטן.

די שניי-פליטערלעך, ווי וויַיסע טויבן,
געקלעפּט זיך צו די ראַמען, געקושט זיך מיט די שויבן,
געבראַכט אַ וויַיטן גרוס פון אַ פאַרכישופטן לאַנד.
נאָר פלוצלינג האָט דער רבי אָנגערירט מיַין האַנט:
„וואָס זיצסטו, ווי פאַרחלומט און פאַרלאָרן?
די טיי איז דאָך שוין קאַלט געוואָרן.
איך וואָלט געוואָלט דיך בעטן,
דו זאָלסט אַהער אַריַינטראָגן דיַין בעטל,
וועסט ווּינען דאָ מיט מיר צוזאַמען"...
איך האָב דערפילט ווי מיַינע אויערן פלאַמען.

איך שוויַיג, ווי כ'וואָלט פאַרלאָרן מיט אַמאָל פון שרעק מיַין שטימע...
דעם זעלבן טאָג בין איך אַריבער אין דעם רבינס צימער.

ה

פיר יאָר, אין אָט דעם גרויסן שטיינערדיקן מויער,
אַ מאָל געפרייט זיך דאָ, אַ מאָל געטרויערט.
פיר זומערס גרינע, און פיר ווינטערס קלאָרע,
האָט אַלץ אַריַינגעשניטן טיף זיך אין זכרון.
די טרעפּ, די שטיינערנע וואָס הויבן זיך און הויבן;
האַלב-רונדע פענסטער מיט קאָלירטע שויבן,
וואָס גלאַנצן קעגן זון און שעמערירן;
מיט שיַיבעלעך, מיט בלויע, אויף וויַיס געפאָרבענע און הויכע טירן,
און איין טיר גייט אַרויס צום פראָנט, אַ צווייטע פירט צום הויף
און צו די טרעפּ געדרייטע, ווי אַ שרויף,
וואָס לאָזן זיך אַראָפּ, ווי אין אַ קעלער.

פון אונטן פלעגט אַרויפקומען דאָ אַ געקלאַנג פון טעלער,
און אַ גערויש פון קולות הילכיקע און פון געלעכטער.
דאָ אונטן איז געווען די קיך און אויך דאָס עס-צימער פון די בחורים.
די מיטאָגן, די שמשטע פאַר אַלעמען פלעגט קאָכן,

עס פלעגן העלפן איר די טעכטער,
וואַשן כלים, שײַערן און ראַמען,
האָרעווען צוזאַמען מיט דער מאַמען.

צוויי טעכטער. די עלטסטע איז אַ גרויסע, אַ צעוואַקסענע
מיט לײַב וואָס יערט, ווי טייג וואָס איז איבערגעגאַנגען.
די יִינגערע, אַ דאַרע, נאָר צעפּ גראָבע דווקא, לאַנגע
וואָס האָבן איר ביז צו די קני געטאָן דערלאַנגען;
בײַם גיין, געכוואַליעט און געציטערט.
און אַז ר' גדליה פלעגט אין כעס ווערן, געהאַט האָט ער פאַרוואָס אַ צי טאָן...
אין ברייטער דלאָניע אָננעמען די צעפּ, ווי לייטשעס:
— דו וועסט אַ טאַטן פאָלגן, חיה־רייצה? — —
גערופן האָט מען איר, די יִינגסטע טאָכטער, חיה־רייזל
און די עלטסטע — מאַריאַשל.
אַ גאַנצן טאָג האָבן זיי געהאָרעוועט ווי אייזלען,
אין אָוונט פלעגן זיי זיך האַלטן אין איין וואַשן,
רײַבן זיך מיט שמעקנדיקע זייפן,
באַגיסן זיך מיט פּאַרפומען.
אינדרויסן פלעגט יעדערע מיט אַן אַנדער גאַס אַנטלויפן,
נאָר שפּעט בײַנאַכט — פון ערגעצן צוזאַמענקומען
און קלאַפּן אין דער דרויסנדיקער טיר, ציען פאַרן דראָטענעם גלעקל,
ביז בחורים פלעגן זיך צעוועקן
און אויף דער צווייטער זײַט געגומען איבערקערן...
ר' גדליה, וואָס איז געשלאָפן אונטן לעם דער קיכל,
פלעגט קיינמאָל ניט דערהערן.
האָט מען געטראַסקעט פעסטער, ווילדער,
ביז חנה־פּעסיע פלעגט פון בעטל אירן אַראָפּקריכן,
שלאָפנדיקערהייט עפענען און שילטן,
זיך בייזערן און שרײַען:
— צוויי מיידן זאָלן עס ביז האַלבער נאַכט זיך שלײַען
אין די גאַסן,

ווײ דער מאַמען איז און ווינד!
דער טאַטע וועט שוין מאָרגן פֿון אײַך שנײַדן פּאַסן
און וואַרפֿן פֿאַר די הינט! —
זי האָט זיך מיט איר אײגן כעס געוואָרגן:
— נישקשה, ער וועט שוין גוט אײַך אַרײַנצימבלען...
צוריק פֿלעגט זי נאָך ניט דערגײיענדיק צום בעטל, דרימלען.

ו

אַ פֿרײַטיקנאַכט. די לאַנגע טישן זענען אויסגעשטעלט אין קעלער
און צוגעדעקט מיט טישטעכער, מיט ווײַסע.
עס טראָגט זיך אַ געקלאַנג פֿון לעפֿל און פֿון טעלער,
אַ שאָקלעניש פֿון מאָרדעס און פֿון באַקן.
דער עולם קײַט די פֿיש געשמאַק
און טונקט אין זופּ די פֿרישע חלה.
טײל כליאָבענען די זאַפּט, די פֿליישיקע, מיט רײַז.

די צײנער מאַלן ווי די מילן,
ס׳וואָלט קײנער בכוח זײ געווען איצט אײַנצושטילן.
נײן, ניט מען שמועסט, ניט מען רעדט,
ווי ס׳וואָלט געוועזן אַ געוועט
וואָס מער מאכלים אײַנצושלינגען; —
ווער רעדט איצטער פֿון זמירות זינגען?..
נאָר אינעם רעש זיצט יצחקל, אַ פֿאַרזיכנניק, אַ בלאַסער בחור,
מיט אויגן צוויי, כאַטש נעם און מאַך אַ ברכה.
ער אײַלט זיך ניט, ער טוט ניט יאָגן,
און טײלמאָל טרעפֿט, אַז ער פֿאַרגעסט די לעפֿל צו דעם מויל צוטראָגן,
עס בלײבט אַזוי די האַנט אינמיטן וועג פֿאַרגליווערט...
מיט אויגן פֿול מיט פֿיבער,
פֿאַרקוקט ער זיך אויף חיה-רײזלען, ווי זי לויפֿט אַרום די טישן —
אָט דעם אַ ביסל זופּ דערגיסן,
און יענעם נאָך אַ שטיקל פֿלײש דערלאַנגען.

בײַ יעדן טראָט, עס וואַרפן זיך די צעפּ אירע די לאַנגע,
ווי לעבעדיקע שלאַנגען.

לעם יצחקלען זיצט מאיר־די־קאָסאָקע־אייגל,
זײַן ראָזער פּנים איז מיט שפּרינקעלעך באַשפּריינקלט,
אין עלעקטרע־ליכט זעען אוים די שפּרינקעלעך אַ ביסל בלאַסער.
ער עסט אויך שטיל, ווי יצחקל געלאַסן,
דער פּנים זײַנער שמייכלט אַלעמען אַנטקעגן,
און פּלוצלינג גיט ער יצחקלען אַ פרעג:
וואָס טראַכסטו, פון דער הײַנטיקער הפטורה,
אָדער גאָר הרהורי־עבירה?
און אפשר גאָר פון חנה־פּעסיעס טעכטער? —
דער עולם שיסט אוים אַ געלעכטער.
אַזוי איז שוין בײַ מאירן דער שטייגער,
אַנצוציען יענעם, ווי אַ זייגער;
איינעם — אַרײַננאַרן, אַ צווייטן — גוט באַגראָבן,
דער עולם זאָל הנאה האָבן. —
ס׳האָט יצחקל אינגאַנצן אויפגעהערט צו עסן,
די טעלער אָפּגערוקט און ווי פאַרגעסן
וווּ ער איז. אויף מאירן די אויגן צומאָל נישט אויפגעהויבן.
דער קאָפּ אַנגעשפּאַרט אויף בלייכע הענט,
און זײַנע אויגן, וואָס האָבן זיך צוברענט,
אַרײַנגעגראָבן אין די קעלער־שויבן,
כאָטש גאָרנישט האָט ער דאָרט געזען,
ווײַל ס׳האָט די נאַכט אַרײַנגעקוקט אַ ווײַסע
מיט פראָסט און פלעכטלעך אײַז.

אַ ביסל אָפּגערוקט פון מאירלען, בײַם צווייטן טיש,
זיצט דוידל פון אָלקעניק.
אַ הויכער בחור מיט צוויי לאַנגע פיס,
מיט בלאָנדע האָר, און מיט אַ שאַרפן בליק.

ער זיצט אַ פרעמדער דאָ, פון אַלעמען דערווײַטערט
אין זיך אַליין פאַרקוקט, אין זיך אַליין געלײַטערט.
נאָר מיטאַמאָל, די אויגן צינדן זיך בײַ אים און גליען,
גאָר שטילערהייט האָט ער אַ ניגון אָנגעהויבן ציען —
דער עולם אויפגעהערט האָט מיט די לעפל קלינגען,
אָן אויער צוגעלייגט, צו דוידס זמירות זינגען.
ווײַל צאַרט און הארציק איז זיין שטים, רײַסט מיט,
אַז יעדער איינער בלײַבט פאַרגאַפּט און צוגעשמידט
און האָרכט, און האָרכט, ווי ער וואָלט שעפּן
פון זינגענדיקן קוואַל, וואָס גיסט זיך מיט אַ שפּע...

איצט זינגט ער. צינדט אַלעמען, ווי טרוקן שטרוי,
איז זינגט מען שוין בײַ אַלע טישן:
„כל מקדש שבת כראוי לו..."

די שמשטע גייט אום אַלעמען איצט טיי אָנגיסן.
און דוידל זשמורעט נאָך די ברעמען,
פאַרטראָגן ערגעץ ווײַט:

„וטהר לבנו לעבדך באמת..."
ס'איז שאַ און שטיל. קיינער וואַגט אים ניט צו שטערן —
אַז דוד זינגט, פאַראַן איז וואָס צו הערן!

צוגעקומען איז ר' גדליה, האַלט אין קרעכצן:
— אוי, גאָט, דו רייניק אונדזערע הערצער
מיר זאָלן קענען דיך מיט לײַב-און-לעבן דינען,
מיט רמ"ח און מיט שס"ה... די טרערן האָבן אים גענומען רינען
אין דער באָרד זײַנער, די האָריקע און געלע.
ער קלאַפּט מיט פויסטן אינעם טיש, פאַרגלאָצט די אויגן צו דער סטעליע,
פינטלט מיט די פײַכטע ברעמען:
— אוי טאַטעניו, לעבדך באמת — — — —

ר׳ גדליה איז אַ ייִד אַ גבר, מיט פּלייצעס ברייטע פון אַ טרעגער,
מיט הענט, וואָס גבורה גויִישע אין זיי געלעגן.
בשעת כעס, געננוג ער זאָל יענעם מיט די אויגן נאָר אַ מאָס טאָן,
אַז יענער זאָל פּאַרציטערט ווערן.
אויף טרערן אָבער איז ר׳ גדליה גרינג, אַ ייִדענע, גרייט יעדן
מאָל אַ גאָס טאָן,
און זיך צופלאַנכען ביי אַ תהלים, ביי אַ מחזור, ביי אַ
האַרציקער נגינה...

עס רוט אויף דוידלען די שכינה.
די בלאָנדע האָר, זיי גליטשן זיך אַראָפּ איבערן הויכן שטערן,
זיין פּנים, פון אָנשטרענגונג, געגומען ראָזער ווערן.
זיין שטימעלע אין קעלער הילכט אַ לויטערע, אַ ריינע:
„וטהר לבנו, ל־ב־נ־ו, ל־ב־נ־ו — — —״

אינדרויסן איז אַ גרויסער פראָסט, אין קעלער איז אַ היץ.
מאַריאַשל ביי דעם טיי־קעסל שוויצט נעבעך, און שוויצט,
דאָס ווייסע בליוזקעלע אויף איר, פון ענגשאַפט האָט געפּלאַצט.
זי גיסט אָן טעפּלעך טיי און שטעלט עס אויף אַ טאַץ,
מיט ווייכע צוקער צום פּאַרזיסן;
די מאַמע אירע טראָגט עס צו די טישן,
עס באָמבלען זיך אין אירע אויערן די שבתדיקע רינגען.
ס׳האָט דוידל שוין אויפגעהערט צו זינגען.
דער עולם מיד. טייל רעדן הויך, טייל גענעצן.
דער עולם גיסט אָפּ מים־אחרונים, גרייט זיך בענטשן.
עס ווישט די הענט דער פאַרזיכניק אלחנן, —
אַ לערנער מיט אַ קאָפּ וואָס איז שוין גרוי. —
ער הויבט די הענט: „סברי מרנן״ —
און — ברוך אלהינו שאכלנו משלו...

ז

...און יצחקל גייט אויסעט ווי אַ ליכט נאָך חיה־רייזלס צעפּ.
ערשט נעכטן האָט ער אויף די טרעפּ
איר אָנגעטראָפן.
ער איז פון קעלערל אַרויס, און זי, פון גאַס איז אָנגעלאָפן
צערויטלט און צעוואַרעמט.
ס׳האָט יצחקל פאַרלאָרן זיך, פון גרויס צעטומלטקייט איר אומגעאַרעמט.
נאָר ער האָט זיך געשוואָרן, אַז ס׳איז ניט אַזוי געווען:
אין טונקל פון די טרעפּ, האָט ער לכתחילה איר ניט גוט דערזען.
דערנאָך האָבן אירע לאַנגע צעפּ זײַן פּנים אָנגערירט —
איר אָטעם האָט דערלאַנגט אַ ברי...
ניט ווילנדיק האָט ער רייזעלען בײַם האַנט גענומען,
אַ רגע זענען זיי געבליבן שטיין פאַררויטלטע און שטומע,
און תיכף איינער פונם צווייטן צושראָקענע אַנטלאָפן — — — —
דעמזעלבן אָוונט האָט ער נאָכאַמאָל איר אָנגעטראָפן.
שוין מעריב אָפּגעדאַוונט,
איז יצחקל אַראָפּ אין קעלער טרינקען אַ גלעזל וואַרעמס.
ס׳איז קיינער ניט געווען, נאָר איין עלעקטריש לעמפּל האָט געברענט,
געשפּרייט אַ גרויסן שאָטן אויף די ווענט.

אין קעלער איז געווען טונקל.
פון אונטערן גרויסן טיי־קעסל אַרויסגעשפּריצט עס האָבן פונקען.
לעם פײַער, אויף אַ שײַטל האָלץ, איז דוידל געזעסן און געזונגען
אַן אַלטן ניגון שטילערהייט, און ניט געזען ווער ס׳איז אַרײַנגעקומען.
ס׳האָט יצחקלען אַ וויסטער אומעט שאַרף אַרומגענומען,
געוואָלט אַרויף צוריק, פאַרגעסן זיך נאָך וואָס ער איז אַרונטער.
ס׳האָט עפּעס ווייטאָקדיק אין אים און פײַנלעך זיך געבונטעוועט,
געריסן זיך אַרויס צו ווײַטע ווײַטן,
פון טיפעניש, פון האַרץ האָט זיך געוואָלט אַ שרײַ טאָן;
געפילט האָט ער: ער זינקט טיפער נאָך, טיפער נאָך פון קעלער
און פּלוצלינג... אַ שעמעריר, אַ לויכט, אַ שײַן אַ העלער...

אין נאָז אַ רייץ געטאָן עס האָבן פּערעפּומען,
חיה־רייזל איז אַרײַנגעקומען.

אַ בלויער מאַנטעלע אויף שמאָלע אַקסל,
אַ בלויע היטעלע אַ דורכגעפלאָכטן מיט אַ רויטן בענדל;
און אויסגעזען האָט זי העכער, ווי אויסגעוואַקסן.
ס'האָט יצחקלען דערלאַנגט אַ בלענד
די שמאָל־געשטאַלט אין קעלער־טיר,
וואָס גרייט זיך לאָזן אויף איר שטענדיקן שפּאַציר...

אין אים האָט וואָס אַ ריס געטאָן און אויפגעיאָמערט:
אָט איצטער טו עפּעס, נעם רייד, ווײַל טאָמער
ניט, איז אַלץ פֿאַרפֿאַלן, אויסגעלאָשן.
נאָר ער אַליין געבליבן שטיין איז ווי אָן לשון,
אַ כאַפּ געטאָן איר קליינע האַנט, די הייסע:
— זאָג רייזעלע, ווו גייסטו?
דו לאָז מיך דאָ אַליין נישט איבער! — — —
עס האָבן זיך פֿאַר אים אַ וויג געטאָן שטיבער,
טישן, טירן, שויבן,
דער סופֿיט האָט זיך גענומען הויבן;
די קניען זײַנע האָבן זיך גענומען וויגן
און אויף דער ערד, פֿאַר רייזלס פֿיס געבליבן ליגן...
ס'איז רייזעלע צוריק אַרויפֿגעלאָפֿן אויף די שטיגן.

ח

אַ בוידעם אויסגעשפּרייט ליגט אויף אַ גרויסן מויער.
אַ בוידעם ליגט און האָרכט, איז כולו אויער.
אַ פענסטער, ווי אַ קראַנקע אויג, אַ רונדע
קוקט אויפן גאַס אַרונטער.
אַ בוידעם ליגט אין טונקל, ווי אַ שוואַרצע סאָווע.
עס רייסן קולות זיך אַרויף צו אים: אוי אמר רבא! —
אַ מאָל גיט אויך אַ גרילץ די טיר מיט אייזנס אָנגעשלאָגן;
דער שמש, אַ באַרג מיט שיימעס ברענגט צוטראָגן.
דאָ ליגן זיי די בלעטעלעך פון סידורים, פון מחזורים און גמראָס,
פון תהלים׳לעך, פון ספרים׳לעך מיט פשטלעך און מיט סברות;
ס׳ליגט אויסגעמישט אַ בלאַט אַ גרינע
פון „פני יהושוע” מיט אַ בלעטל פון אַ תחינה.
אַ שטיק תנ״ך פון לעטערים, אויסגעפלעקט אין חלב און אין טרערן
האָט זיך אַרומגעהאַלדזט מיט בלעטער גראָבע, שווערע
פון אַ צושאָטענעם „חובות הלבבות”.
אַ בוידעם ליגט אין פינסטערניש פאַרוויקלט, ווי אַ שוואַרצע סאָווע,
בלויז דורכן פענסטער פאַלט אַריין אַ ליכט אַ בלאַסע,
באַלויכט אַ זייל פון שטוב, אַ פסחדיקן קאַסטן
מיט געפעס, מיט קעלישקעס אויף ארבע כוסות,
צעווישן זיי אליהו הנביאס כוס אַ גרויסער.

די לופט איז דאָ געדיכט מיט שטויב ביז צו דערשטיקן,
דורכן פענסטערל קוקט אַריין אַ שטיקל הימל אויף די בערג מיט שיך וואָס ליגן.
דאָ ליגן שטיוועלעך צעקרימטע, מיט קנאַפּל אויסגעדרייטע,
קאַמאַשעלעך מיט כאַלעוועס אויסגעצויגענע און ברייטע;
ווער ווייס, ווו זענען אָט די פיס וואָס האָבן זיי געטראָגן,
אויף וועלכע וועגן האָבן זיי געלאָזט זיך וואָגלען? — — —





דאָ ליגן אָנגעהויפּט פּרוכתן אַ סך, פון זייד, פון סאַמעט,
אַמאָל געגלאַנצט אין פּראַכט, נאָר היינט צעפּוילט מסתמא;
אויך דער „שדי" איז פון מאָל אַדורכגעפּרעסן.
נעכט גאַנצע זענען מיידלעך איבער זיי געזעסן
(גערוט עס האָט אויף זיי די שכינה)
און אויסגענייט מיט פעדים זילבערנע און דינע.
און פון דער לינקער זייט, מיט אותיות קליינינקע און רונדע
צוגעגעבן: „זה נדב הגביר... ואשתו הגבירה מרת גרוניה".
אַמאָל האָבן זיי באַשיינט דעם ארון —
איצט, אָפּגעדינט דאָס ביסל יאָרן —
איז וואָס איז דאָ צום ריידן,
אָפּגעטאָן שוין זייער פליכט —
מען וואַלגערט זיך דאָ אויפן בוידעם
מיט שיימעס און מיט אַלטע שיך...

דאָ ליגן קעסטעלעך פון כל המינים גרויסן,
וואַליזקעלעך צעריסענע, געפלאַכטענע קוישן.
דאָ ליגן קליינעלעך פאַרגעלטע, גרינע, פון אַלערליי קאָלירן, —
פון שטעט און שטעטעלעך האָט מען זיי געבראַכט אַהער צופירן.
אַ מאַמע האָט אין זיי אַריינגעלעגט אַ העמד, געפּרעסטע הויזן,
אַ טרער אין זיי אַריינגעטריפט, ווי אַן אבן־טוב אַ גרויסן.
איצט ליגן זיי פאַרוויקלטע אין שטויב, עס נעסטן אין זיי שפּינען,
עס רויען זיך מוראַשקעס, וואָס קען מען ניט אין זיי געפינען?
אינמיטן בוידעם ציען שטריק זיך אין דער לענג,
אַמאָל טוט חנה־פּעסיע גרעט דאָרט הענגען
אין רעגנדיקן אָדער כמורנעם וועטער.
די טראָפּנס רינען דאַן אַראָפּ און טריפן אויף די שיימעס־בלעטער.

אַ בוידעם ליגט אויסגעשפּרייט אויף אַ גרויסן מויער,
אַ בוידעם ליגט און האָרכט, איז כולו אויער,
ער האָרכט, ווי יונגע קולות רייסן זיך און שרייען:
אוי, אמר רבא, אוי אמר אביי...

ט

אַ קלויז אין מיטן נאַכט, מיט טשאַד פֿון ליכט און אָנגערויכערט.
אַ קלויז אַליין. שטייט יצחקל דעם קאָפּ אַרײַנגעטאָן אין
סאַמעטענעם פּרוכת.

עלעקטרע איז פֿאַרלאָשן. אין פֿינסטער טונקלען זיך די ווענט.
אין עמוד לײַכט אַ „יאָרצײַט" וואָס האָט נאָך ניט דערברענט,
באַלײַכט דעם גרויסן סידור, דעם „שיויתי" מיט די אויפֿגעהויבענע הענט,
דער חלב שמעלצט און האַלט אין רינען אויפֿן סידור, אַ טראָפּן
נאָך אַ טראָפּן.

און יצחקל, מיטן קאָפּ אין ארון־קודש אײַנגעגראָבן,
וועקט די מענטשלעך אַדורך מיט זײַנע טרערן:
זענט איר הייליק, וויל איך דורך אײַך ריינער ווערן! — — —

ער רעדט אַרײַן אין אויפֿגעפּראַלטן אָרון:
איך זע איר דורך די בלעטער פֿון גמרא,
זי שווימט אַרום מיר דורך די שוואַרצע אותיות.
עס העלפֿט מיר ניט ווען איך פֿאַרמאַך די אויגן,
דו זאָגסט: הבא לטהר מסייעין אותו —
און איך אין זומפּ ווער טיפֿער נאָך אַרײַנגעצויגן.
די זינד ווערט שווערער, נישטאָ קײַן כוח שוין צו דעם געראַנגל...

די ליכט אין עמוד איז שוין אויסגעגאַנגען,
נאָר דורך דער פֿינסטערניש ער זעט, אָט קומט זי ווידער,
מיט הייסן לײַב זי שפּאַנט אים גלײַך אַנטקעגן,
און אירע רונדע גלידער
פֿאַרשטעלן אין דער פֿינסטערניש אים אַלע וועגן — — —

י

ס'איז ניט קיין סוד, אַז יצחקל האָט לערנען אויפגעהערט,
ער דאַוונט אינדערשטיל, און קיינער הערט.
די אויגן אויפגעפּראַלט און פול מיט מורא,
עס קוקט אַרויס פון זיי אַ ים מיט מרה־שחורה.
ער גייט אַרום און ברעכט די פינגער זיינע, ווי טרוקענע צווייַגן,
זיצט טיילמאָל שטיל בייַם שטענדער, פאַרזונקען טיף אין שווייַגן.
אין קעלער גייט ער ניט אַראָפּעסן.
און רעדן, ווי אינגאַנצן וואָלט ער שוין פאַרגעסן, —
מיט קיינעם ניט קיין וואָרט, אפילו ווען מען טוט זיך צו אים ווענדן.
די גמרא זייַנע אָפן ליגט, ווי אַ פאַרשעמטע,
די ווייַסע בלעטער אויסגעפּלעקט און פייַכט פאַרצויגן
פון טרערן, וואָס קאַפּען שטיל אים פון די אויגן.

ליסטאָווסקי, דער משגיח פון ישיבה —
אַ יונגערמאַן וואָס גייט אַ גאַנצן יאָר אַרום אין שטיוול,
אין ווייכע כאַליעווקעס אַרייַנגעטאָן די הויזן,
מיט באַקן רויטע צוויי, ווי פרישע רויזן,
אַ באָרד, אַ בלאָנדע און אַ ווייכע, ממש וואַטע, —
פאַר די תלמידים געווען איז ער אַ טאַטע.
געוווּסט אַרייַנקוקן אין טיף פון דער נשמה,
און ווען מען דאַרף — אַ שטראָף־טאָן, און ווען — אַ טרייסט־
וואָרט, אַ נחמה.
געווען אַ ייִד אַ האַרציקער, אַ יונגערמאַן פון זייַדנס סאַמע.

ער האָט זיך צוגעזעצט צו יצחקלען, געוויינט מיט אים צוזאַמען,
געהאָלפן טרויערן, אַנטקעגן אים געזעסן אויך אַ שטומער, —
נאָר גאָרנישט ניט אַרויסבאַקומען.
גענומען רעדן אינדערשטיל: — זאָג, יצחקל, וועלכע שיפן זייַנען אונטער?
אַ ייִד דאַרף דינען גאָט, אַ ייִד אַ פרומער דאַרף זייַן מונטער!
דריקט עפּעס אויפן האַרצן? טאָ זיי־זשע ניט קיין ייִנגל,
פון האַרצן רעד אַראָפּ וועט ווערן גרינגער.

ס'האָט יצחקל געהערט אַ ווײַלע און געשוויגן,
דערנאָך גענומען זיך פֿאַנאַנדערוויגן:
— וואָס זאָל איך זאָגן, רבי, און וואָס דערציילן,
עס האָבן זיך אין מיר געטאָן אַן עפּן שוואַרצע היילן
וואָס ווילן מיך פֿאַרשלינגען,
און זומפּן, זומפּן לויערן אַ יעדע רגע מיך פֿאַרזינקען...
יצחקל איז שטיל געבליבן.
זאָגט ליסטאָווסקי: אין אַ ספֿר אין אַן אַלטן איז פֿאַרשריבן:
...די לילית קליידט זיך אין פֿאַרשיידענע געשטאַלטן,
אַשרי, וויל איז דעם, וואָס ער האָט איר פֿון זיך פֿאַרטריבן,
און ווי צו יענעם, וואָס האָט איר פֿאַרהאַלטן.
און נאָך ווערט דאָרט דערציילט אויף אַלטע פֿאַרמעט־בלעטער:
...אַ מענטש דאַרף תשובה טאָן, נישט אָפּלייגן אויף שפּעטער —
ווײַס אַ מענטש זײַן סוף דען ווען וועט קומען?
זײַ וויסן, יצחקל: אַ מאמין און אַ פֿרומער
טוט תשובה אַלע טאָג. קום, לאָמיר בעטן איצט זײַן ליבן נאָמען
מחילה אויף עבֿירות אונדזערע, וואָס מערן זיך ווי שוואָמען.
טו תפֿילה, יצחקל, בכל לבבֿך, תשובה איז מטהר, —
וועסט ווערן נײַגעבוירן, צוריק אַ נײַער...
אָ, יצחקל — צעזינגט זיך דער משגיח מיט אַ שטראָפּנדיקע שטים —
„כּי בדרך שאדם רוצה לילך" פֿירט מען אים.
אַ ייִד דאַרף אויסקלײַבן דעם וועג דעם אמתן, דעם קלאָרן.
ר' משה חיים לוצאַטו זאָגט אין זײַן „מסילת ישרים":
„אדם מקדש את עצמו מעט — מקדשים אותו הרבה" —
דו וויל אַ ביסעלע זײַן שײַן, זײַן ליכטיקע, דערגרייכן,
וועט ער אַנטפּלעקן זיך אין אַלע פֿאַרבן,
און עפֿענען פֿאַר דיר די העכסטע הויכן. —
פֿאַרענדיקט האָט ליסטאָווסקי מיט אַ ניגון.
געהערט האָט יצחקל און מרה־שחורהדיק געשוויגן.

יא

דעם ווינטער האָט דער רבי זיך אַ רוק געטאָן, געוואָרן אויף
אַ צען יאָר עלטער, —
ווי ס׳וואָלט אויף אים אַרויפגעוואַליעט זיך דער ווינטער מיט די קעלטן.
שוין ניט אַרויף דעם „שיעור" צו זאָגן,
אין בעט געלעגן,
שווער געווען אים די אַלטע קראַנקע גלידער צו באַוועגן
און דורך דעם ווינטער דורכצוטראָגן.
און גאָרנישט פלעגט ער בעטן, גאָרנישט פרעגן
ווען חנה קומט אַרויף דעם צימער ראַמען, —
לאָזן זיך אַפילו באָרד־און־פּאות קאַמען.
אַ שטויבעלע, פון תמיד נישט געקענט פאַרטראָגן,
די ריינקייט ליב געהאַט. אויך ביים „שיעור" זאָגן
באַטראַכטן פלעגט ער די קאַפּאָטקעלעך, די הייזן, די קאַמאַשן,
צי מען האָט זיך גוט אַרומגעוואַשן.
באַמערקט אויף אַ בחורלס קאַפּאָטע
אַ פלעק, אַ שטיקל בלאָטע, —
פלעגט ער מוסרן: אַ ייִד באַדאַרף זיין ריין, און איר זענט בחורים גרויסע,
עס שטייט בפירוש: „והייתם לי קדושים"
און... תלמיד־חכם... רבב... איז חייב מיתה...
אַזוי פלעגט ער מיט מימרות זיך צעגיסן.

עס ציען טעג זיך ווינטערדיקע, לויטערע און קלאָרע.
ליגט ר׳ משה, קוקט אַריין אין אַ „עין־יעקב", אין אַ גמרא.
דער גרויסער וואַנט־זייגער וויגט אום זיין פּאַמפּעדיטל:
די־טל, די־טל, די־טל...

אַ תלמיד גייט פון שאַפּקעלע אַרויסנעמען אַ לעפל,
נאָר איידער נאָך ער האָט די רפואה אָנגעגאָסן
האָט זיך די טיר דערלאַנגט אַן עפן, —
אַריינגעשטעלט אַ פּוס האָט זיך מיט וואָליק און קאַלאָשן...

דערנאָך האָט זיך באַוויזן דעם ראש־ישיבהס פּוטער מיטן
סויבלנעם קאָלנער

די הענט אַרײַנגעטאָן אין הענטשקעס וואָלענע,
די שטרײַמל אויך אַ סויבלנע, אַראָפּגערוקט איבערן שטערן,
און פון די אַלטע אויגן איז ווי טרערן
גערונען שניי, וואָס איז געהאָנגען אויף די לאַנגע ברעמען.
דער רבי האָט אַ ווונק געטאָן: אַ בענקל שטעל, אַברהמל...
דער אַלטער ראש־ישיבה, לאַנגזאַם האָט דעם פּעלץ פון זיך אַראָפּגעצויגן,
מיט אַ טיכעלע געווישט די פײַכטע טאָרבעלעך פון אונטער זײַנע אויגן.
אָן פּעלץ איז ער געבליבן שטיין, קליין און דאַר — אַ קנייטל.
אַ באָרד — אַ לאַנגע און אַ ברייטע,
פון ביידע זײַטן ציען זיך אַראָפּ לאַנגע גרויע עקן;
אַ ווו דאָס מויל — איז טונקל־גרוי פון טאַבאַק שמעקן.
קײַן ליפּן זעט מען ניט אַרוים פון וואַלד דעם האָריקן:
— אַ גוטער מאָרגן אײַך, ר׳ משה, אַ גוטער מאָרגן! —
און אויסגעצויגן אַ ווײַסע קליינע האַנט, ווי פון אַ קינד —
אויף דרויסן איז אַ שטורעם און אַ ווינט,
איר הערט, ר׳ משה, אַ פאַרגעניגן
איז הײַנט אין בעט צו ליגן...
פאַרשטייט זיך, אין גוטן אופן, ניט, חלילה, קרענקן.
געגעבן שלום, צוגערוקט צום בעט דעם בענקל.
דער ראש־ישיבה האָט זיך מיט זײַן אייגן שטים געוואָרגן,
שטאַרק הייזעריק גערעדט, ווי ס׳וואָלט אים וואָס געשטיקט אין גאָרגל.
פון באָרד איז אים גערונען, טראָפּנס פאַלן
אויפן גרינעם וואָל־געשטריקטן שאַל.
פלאָנטערן פרענדזלעך זיך מיט האָר, מיט גרויע.
ער טוט אַ רײַב איין האַנט אין צווייטער מיט הנאה:
— נו, וואָס ר׳ משה, מען ליגט צוביסלעך אונטער? —
און זײַנע וואַסערדיקע אויגן האָבן זיך צעפינקלט מונטער. —
ס׳איז גוט צו זײַן אַ זקן,
אויך אין דער תורה שטייט: „מפני שׂיבה תקום״,

מען גיט אָפּ כבוד, מען מאַכט אַ וואָרע,
ס'וועט קיינער זיך ניט איינשטעלן אַן אַלטן איבערשפּאַרן,
אַ „קליינינקן" חסרון האָט עס נאָר די זיקנה, אַ „קליינינקן" אַזאַ —
עס האַלט זיך צום באַדויערן ניט לאַנג...
האַ—האַ—האַ.

מיט אַ געלעכטערל פאַרענדיקט זײַן געדאַנק.
ר' משה לאַכט ניט, נאָר עטוואָס האָט זײַן מויל געקרימט אַ שמייכל.
זײַן שפּיץ נאָז פאַרוועבט מיט פעדים בלויע,
האָט אָנגעקוקט ר' הירשן טרויעריק.
געפּרווּוט אַ ביסל זיך אַ הויב טאָן פון געלעגער:
— איר הערט, ר' הירש, פון מײַנטוועגן...
אַ דאַנק דעם בורא...
איך בין פון לאַנג שוין גרייט אין וועג,
נאָר ביטול תורה!
קען מען זיך מיט דעם חלילה שפּילן? —
געווים איז דאָס זײַן ווילן...
ר' הירש, וואָס?
געוואָלט אײַך עפּעס פרעגן: —
וואָס איז דער מענטש דען מערער פון אַ גראָז,
אַ גרעזעלע וואָס וואַקסט זיך אויף אַ זײַטיק וועגל?

ר' הירש האָט ניט געענטפערט, געזעסן אויסגעלאָשן.
געוואָרן זענען טײַכלעך לעבן די קאַלאָשן
פון שניי וואָס איז צערונען.
געזוכט פאַרעסקט וואָס בײַ זיך אין קעשענע און ניט געפונען:
— מײַן טאַבאַק־שקעטעלע, ווײַזט אויס, אינדערהיים פאַרגעסן.
אַ גוטער טאַבאַק־צי איז וויכטיקער פון עסן...
וואָס שייך, ר' משה, רעדן, —
מײַן טאַבאַק — טעם גן־עדן!
איך שטוים אַליין, איך האָב אויף דעם אַ קליינע קופּערשטייסל —

אַ ירושה פון מײַן מאַמען,
איך מיש נאָך צו געווירצן, קריגט עס טויזנט טעמען.

ר׳ הירש האָט אָפּגעזיפּצט פרום, פון אָרט זיך אויפגעהויבן,
אַ קוק געטאָן צום דרויסנדיקן פראָסט דורך אָנגעפּעלצטע שויבן.
דערנאָך געזאָגט מיט דינעם קול,
פאַרהויבנדיק די אויגן צו דער סטעליע:
„המקום ירחם עליך בתוך כל חולי ישראל"
— אַ גוטן טאָג, ר׳ משה, גאָט וועט העלפן.

יב

...און יצחקלען פון אָלקעניק
געפונען האָט מען הענגען אויפן בוידעם אויף אַ שטריק.
דער שמש איז אַרויף מנחה־צײַט, ווי תמיד,
אַראָפּנעמען פון דאָרט אַ יאָרצײַט־ליכט, אַרײַנשטעלן אין עמוד —
געעפנט נאָר די טיר, אָן אויסגעצויגענע געשטאַלט
דערזען, אין זיך די שרעק פאַרהאַלטן,
צוגעגאַנגען נענטער, פון ווייטאָק זיך צעשריען:
יצחקל איז קאַלט געהאַנגען אויף דער תליה.
ר׳ גדליה־שמש האָט מיטאַמאָל זיך שטאַרק דערשראָקן,
אין אײַלעניש דעם טויטן מיט דער שטריק אַראָפּגעריסן פונם האָקן,
אין קלויז אַראָפּגעטראָגן, אַרויפגעלייגט אויפן באַלעמער —
און אים צוגעדריקט די אָפענע ברעמען.

ס׳איז פוסט געוועזן גאָטס־הויז.
דער ווינטער־טאָג אַרײַנגעקוקט האָט כמורנע, גראָ, אין קלויז,
געפאַלן אויף יצחקס אויפגעלאָפענעם געזיכט.
ר׳ גדליה צינדט אָן ליכט,
און איבערדעקנדיק דעם מת מיט אַ פּרוכת, —
צעיאָמערט זיך מיט אַלע כוחות.

אַ פּראַל גיט זיך די טיר — און מיט צוויי טעלער אַרײַן איז חנה־פּעסיע.
ווי שטענדיק האָט זי הײַנט אַרויפגעטראָגן עסן.
נאָך יענעם „פאַל" איז יצחק ניט אַראָפּגעגאַנגען אונטן,
און ווײַל ער האָט פאַרערגערט זיך אין זײַן געזונט
האָט זי אַרויפגעבראַכט אַ יאַיכל פון אַ הון
און זאַכן לײַכטע צום פאַרדייען.

נאָך אויף די טרעפּ האָט זי דערהערט דאָס שרײַען
און נישט באַנומען וואָס האָט צופלאַנכעט זיך איר גדליה,
ווי ס'וואָלט אַ דאַך אויף אים אַרויפגעפאַלן.
בײַם טיר, געבליבן שטיין אַ פאַרגליווערטע, אַ שטומע,
ווי דאָס לשון וואָלט איר אָפּגענומען.
געקוקט אויף דעם פּרוכת, אויף די ליכט וואָס ברענען,
און באַלד אַרויסגעשריען: גדליה, זאָג וואָס איז געשען דאָ?
דערזען דעם טויטן גוף און... באַץ מיט ביידע טעלער...
ר' גדליה איז אַראָפּגעלאָפן די קלאָגעדיקע בשורה אָנזאָגן אין קעלער.

יג

די נאַכט איז שטורעמדיק געווען, געדרייט האָט אַלץ זיך אין געוויטער
שוין טעג, שוין עטלעכע ווי שניי האָט אויפגעהערט צו שיטן,
נאָר הײַנט האָט שניי און ערד און הימל זיך אַ מיש געטאָן צוזאַמען,
בוימער אומגעוואָרפן, אויסגעוואָרצלט שטאַמען;
דעכער אויפגעהויבן, שינדלען אָפּגעריסן.
שילדן האָבן אין די מויערן געקלאַפּט, געשמיסן,
געקרעכצט הייזעריק, געסקריפּעט און געקראַצט די ציגל.
די גאַס־לאָמפּן האָבן אויף די הויכע סלופּעס זיך גענומען וויגן:
אַ וויג געטאָן, אַ לײַכט אַרײַן אין פענסטער פון אַ מויער, —
און באַלד צוריק אַראָפּגעלאָזן זיך, ווי אַ קאָפּ אין טרויער.

די נאַכט איז שטורעמדיק געווען. די גאַס פאַרכאַפּט דעם אָטעם.
פויגלען פאַלן טויטע פון די טעלעפאָנע דראָטן.

אויפֿן האַלץ־מאַרק כאַפּט דער ווינט אַרום די בײַדלעך און נעמט זיי קערן,
סטראַגאַנעס בלעכענע רײַסן זיך, ווי געשאָרן וואָלט מען זיי מיט שערן.
דער ווינט האָט דורכן קוימען אויך צו אונדז אַרײַנגעשריגן.
ר׳ משה אין זײַן בעט האָט ניט געקענט אײַנליגן.
עס האָבן טראָפּנס שוויים געראָנען אים פֿון שטערן
און פֿון זײַן בלייכן נאָז דעם לאַנגן;
ווי דער רבי וואָלט געהאַלטן זיך אין ראַנגלען.

אַרום דער בעט געזעסן זענען די תלמידים מיט אַ ציטער,
עלעהיי דער טויט האָט דאָ אַ דורכגעריטן — — —
ס׳איז שטיל געווען, געהערט האָט מען דאָס פּעדער־סקריפּען
אויפֿן פּאַפּיר. ס׳האָט דוידל אַ בריוו געשריבן
צום רבינס קינדער אינם ווײַטן שטעטל:
זיי זאָלן גיכער קומען, ניט פֿאַרשפּעטיקן,
למען השם, זיך לאַנג ניט קלײַבן...
אַזוי האָט דאָקטאָר מינץ געהייסן שרײַבן.
דער דאָקטאָר מינץ איז הײַנט געווען, אויסגעקלאַפּט דעם
רבינס אַלטע ביינער,
זיך צוגעהערט צום אָטעם, לאַנג געטאַפּט דעם דופק.
בײַם טיר שוין שטייענדיק, אַ דורכגעזײַפֿט דורך פֿרעמדע ציינער:
„אומזיסט געווען מײַן לויפֿן,
עס שמעקט פֿון אים שוין מיט גן־עדן...”

דאָך נישט געוואָלט האָט די נשמה פֿונם גוף זיך שיידן,
ניט געוואָלט דעם טויט זיך אונטערגעבן;
שווער געווען איז דער געראַנגל פֿאַר נאָך אַביסעלע ניט אויס־
געלעבטן לעבן...
אין דרויסנדיקן פֿראָסט געגליווערט
האָבן ווילנער מויערן און שטיבער — — —

יאַנואַר—אויגוסט 1940

א

ס׳איז מײַן טאַטע ניט געווען קיין בעל־מלאכה,
ניט קיין שוסטער, גיט קיין סטאָליער ווי מיין זיידע.
אין דער פרעמד געוואַלגערט זיך, געלערנט מסכתא זבחים,
און געוואָרן אַ כלי־קודש.

ס׳איז מײַן טאַטע ניט געווען קיין גיבור,
אַ ייִד אַ חלוש, אַ ייִד אַ בלייכער.
שטענדיק „טעג״ צו עסן אין די פרעמדע שטיבער —
קען מען דאָך ניט אָנקלײַבן קיין כוחות...

נאָך דער חתונה מיט אַ טאָכטער פון דער ליטע,
ווען אַ קינד איז צוגעקומען אויכעט,
אויסגעלערנט האָט ער זיך דאָן שחיטה,
איז געוואָרן שוין אַ שוחט.

פאַר דער צײַט איז אים די באָרד געוואָרן ברייטער,
און די האָר פון קאָפּ — ווייניקער און שיטער...
איז אַ טאָכטער צוגעקומען נאָך אַ צווייטע
און אַ זון — אַ דריטער.

אומגערינגלט שוין מיט ווײַב און קינדער,
שטייט ער אין די שחיטה־שטיבער ;
קוילעט פלינק אַ הינדל נאָך אַ הינדל,
קלערט פון אָנשרײַבן אַ חיבור.

איז דאָס הויזגעזינד געוואָקסן אָן עין־הרע,
האָבן אויגעלעך געגומען פינקלען,
און דער דלות האָט מיט צאָרן,
ווי אַ הונט, געריסן זיך פון אַלע ווינקלען.

ב

ווי אַ וואָגן אין אַ טיפער בלאָטע
האָבן זיך בײַ אונדז געשלעפּט די וואָכעדיקע טעג.
ס'האָט דעם טאַטנס איינגעבלוטיקטע קאַפּאָטע
אויפגעפלאַמט פאַר מיר — אַ רויטער פלעק.

האַלבע טעג מיט חלף צווישן ציין און ליפּן,
אונטער פליגעלעך די הענט אין ווייכן פוך,
און ביז הײַנט אין מיר איז נאָך פאַרבליבן
יענער בלוטיקער גערוך.

אין די אָוונטן, אין גרויסער בוינע,
איבער אָקס געפּענטעטן מיט שטריק,
ס'האַלט די הערנער צו דער קצב יונה,
און דער טאַטע פירט הין־און־קריק.

גיט אַ שפּריץ דאָס הייסע בלוט אַרויף ביז סטעליע
און אַ רגע בלײַבט דער אָקס באַרוט...
טאַטע מיט אַ דאַרער האַנט, אַ געלער
ווישט פון חלף מיט אַ פּאָלע אָפּ דאָס בלוט...

די קצבים היצן זיך און ריידן,
טאַפּן, מעסטן, וועטן, וויפל האָט ער פוד.
טאַטע מײַנער לייגט אַרײַן דעם חלף אינעם שיידל,
נעמט פון בלייכן נאָז אַראָפּ אַ טראָפּן בלוט.

מורמלט שטיל אַ ברכה, מיט פאַרמאַכטע ליפּן,
בלײַבט אין זיך פאַרטיפט אַ ווײַלע שטיין,
אין פרישן בלוט פאַרפלעקט די שטיוול,
לאָזט ער זיך אַ היים.

ג

דעם טאַטנס נעכט אין גרויען קלויז צווישן שוואַרצע ווענט,
זיי בעטן זיך ביי מיר באַזינגען:
דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן אויף די קנאַכיק־דאַרע הענט,
זיין שטים, זיין שטילע שטים פלעגט קלינגען.

ס׳איז קיינער שוין נישטאָ אין קלויז ביינאַכט,
אין טונקל שאָטנס זיך צעוויגן.
דער טאַטע איבער דער גמרא זיצט פאַרטראַכט,
עס ציט זיך אומעטיק זיין ניגון.

ער בויגט זיין יונגען קאָפּ אַראָפּ צום „דף״,
ער זוכט אַ שויץ אין בלעטער פון גמרא,
ער לאָזט אויף שורות זיך אַוועק אין האַסטיקן געלאָף.
דער וואָלקן פון זיין פנים ווערט אַלץ קלאָרער.

און ווען דער ניגון לעשט זיך אויס
ביים עמוד, ווו דער „יאָרצייט״ פינקלט,
דערהערט מען, ווי עס באַברעט זיך אַ גרויסע מויז
אין פינצטערן בית־מדרש־ווינקל.

דער טאַטע בלייבט אויך אויסגעלאָשן שטיל,
דער קאָפּ אין קאָלנער, ווי אַ קנייט אַריינגעדרייטער,
פון שוועל, עס הערט זיך איין די גריל,
זי וויים: מיין טאַטע, אַ היים איצט גייט ער.

ד

דער וועג אַ היים, דורך גאַסן גויִשע זיך ציט.
דער וועג אַ היים, ניט איינמאָל אין סכנה.
נאָר הײַנט האָט איבער אים סוף חודשדיק צעבליט
זיך די לבנה.

אַ ווײַסע נאַכט, אַ נאַכט פון שניי און ווינט,
און אונטער שטיוול האָט זיך פראָסט צעסקריפּעט.
פון ערגיץ טראָגט זיך אַ געביל פון הינט,
ערגעץ אין אַ הויז האָט זיך אַ קינד צעכליפּעט.

מײַן טאַטע שפּאַנט. האַנט אין האַרבל איז פאַררוקט,
דער פראָסט, ער טשופּעט אים דורך דער קאַפּאָטע,
און די לבנה ווי אַן אויג האָט זיך פאַרקוקט
אויף טאַטנס שאָטן.

און שוין די לעצטע גאַס, און אָט דער שוועל,
ער האַלט די קליאַמקע די געפרוירענע פון טירל.
דער פראָסט אַריבער איר, ווי זילבערנע קאַרעלן
אויפגעהאָנגען אויף אַ דינעם שנירל.

די זאַוויעסע אַ סקריפּע גיט און שוין,
דער טאַטע איז אַרײַן אַ שטילער,
די ליכט פון לעמפּל פאַלט אַריבער אים — אַ קרוין
אַ גאָלדענע פאַרהילעט.

און ווען דער טאַטע ליגט אין בעט און שלאָפט,
די קישן זיינע טוט ער נאָר פאַרטרויען:
אַז ניט אַזוי האָט ער געהאָפט
זײַן לעבן בויען...

ה

ווי ווונדערלעך ווען כ׳גיב זיך צו די ווײַטע טעג אַ ריר,
וואָס זייער שליאַך איז שוין פון לאַנג מיט גראָז באַוואָקסן ...
מײַן טאַטע, וואָס אַ פליג האָט אויפן וואַנט ניט אָנגערירט,
האָט דאָך געקוילעט אָקסן.
ווי מאָדנע, כ׳גיב פון אים אַ טראַכט
און זײַן געשטאַלט לויכט אויף פאַר מיר אַלץ העלער:
דאָס פנים — ערנסט, שטענדיק ווי פאַרטראַכט,
אַ בלאָנדער קאָפּ, אַ באָרד — אַ געלע.

ער פלעגט אונדז לערנען: „קינדערלעך, דאָ אויף דער ערד
אַ מילב אַפילו וויל דאָך לעבן אויכעט,
און מיר, דער ווּסטער גורל האָט אַזוי באַשערט
צו זײַן אַ שוחט!״

ו

עס האָט מײַן טאַטע פײַנט געהאַט זײַן מלאכה,
דער ריח פונעם בלוט פלעגט אים דערשלאָגן.
און דאָך איז ער געשטאַנען און געשאָכטן,
דעם שאַרף פון חלף פּרוּוון מיטן נאָגל.

זײַן ברכה אויף די ליפּן האָט געציטערט
מיט זילבן שטילע, קוים דערהערטע,
ווען ער האָט גאָט געלויבט, נאָך פאַר דער שחיטה —
מיט צוגעקליבענע געציילטע ווערטער.

אַזויפיל אומעט פלעגט אַרויסקוקן פון זײַנע אויגן,
די עטוואָס נעפּלדיקע, רויטע,
און אויף די אַקסלען זײַנע עטוואָס אײַנגעבויגן
געלעגן איז די זינד פון אַלע טויטן.

ער האָט געטראָגן עס אויף זיך, אָט ווי אַ משא,
וואָס שווער איז זיך מיט איר צושיידן.
צו אונדז פלעגט ער אַ שמייכל טאָן אַ ביסל שפּאַסיק:
„איך וועל עס מיטנעמען אַפילו אין גן־עדן!

פאַר וועמען קוילע איך, פאַר וועמען טו איך בלוט פאַרגיסן?
פאַר קינדערלעך אויף ברויט און אויף שכר־לימוד"...
און ווי אַ טרער, אינמיטן אָפּגעריסן,
פלעגט ציטערן דעם טאַטנס צאַרטע שטימע.

ער פלעגט אונדז אָנקוקן, די נאַקעטקייט, דעם הילוך,
און צער האָט אין זײַן קול געקלונגען:
„— ס'גאַנצע לעבן מײַנם אײַך אָפּגעבן וויל איך,
אַבי נאָר, קינדערלעך, איר זאָלט ניט הונגערן".

ז

עס פלאַטערן די ווײַטע טעג פאַר מיר, ווי פאַנען
אויף אונדזער חרובער און אַלטער כאַטע.
מיט ציטערניש דערמאָן איך איצט דײַן נאָמען:
טאַטע!

פון ווײַט, פון נעפּלדיקער ווײַט שווימסט מיר אַנטקעגן
אַן אײַנגעוויקלטער אין ריפּסענער קאַפּאָטע,
וואָס האָט געשיצט פון קעלט דיך און פון רעגן,
אין האַרבסט — פון בלאָטע.

דאָס היטל, די קאַראַקולענע און רונדע,
קאַמאַשן פון שאַוורא און גומע;
אַ יעדע זאַך אויף דיר איך זע באַזונדער,
נאָר דײַן געזיכט איז מיר פאַרשוווּנדן.

איך זע די הענטלעך נאָך די ביינערנע פון די חלפים,
(אין זייער שאַרף די זון האָט זיך געצונדן), —
און זאָל מיך גאָט פאַר דעם ניט שטראָפן,
וואָס דײַן פנים אין נעפּל איז פאַרשוווּנדן.

איך זע נאָך קלאָר דעם מאַרק, דערנאָך די בוינע
ווו געשטאַנען ביסטו ביי דער שחיטה,
אַ רויטע באָרד, אויגן — פּייערלעך צוויי ברוינע,
און דערנאָך, מיר פּלאָנטערט זיך אַ שוואַרצע מיטה...

ח

יאָ, איך געדענק אַ ווינטערנאַכט פון שניי און פראָסט,
און צום בית־עולם האָט געשלעפּט זיך אַן עגלה.
דער ווינט מיט איַיזיקייַט אין פּנים האָט געבלאָזט
און זיך געפּלאָנטערט אין די מלוויםס פּאָלעס.

שטיוואָלעס האָבן אויף געפרוירענער ערד
געטאָפּטשעט שווער אַזוי און טעמפּיק,
אין ווינט האָבן געצאַפּלט זיך די בערד,
און וואָנסן איבער מויל — צוויי ווייַסע שטעמפּלען.

געגליווערט האָט די נאַכט אין אייַז,
און אייַנגעהאַלטן האָט די גאַס איר אָטעם;
נאָכגעגאַנגען זענען קינד און גרייַז,
עס האָט דער ווינט געפּאַטשט אין די קאַפּאָטעס...

עס פרעגט אַ דורכגייער פון ניט דאָ הי:
„די לוויה, יידן, זאָגט מיר וועמעס?" —
און זיך די באָרד דערלאַנגט אַ צי,
פאַרגלאָצט די אויגן — „ברוך דיין אמת"...

דאַן רופט אים עמעץ אָפּעט אָן אַ זייַט
„דעם נפטר, אָ, איר קאָנט אוודאי,
געווען אַ פרומער ייִד, צו גאָט און לייַט,
געשטאָרבן איז דער שוחט משה קדיש..."

אָט קלאָר אַזוי דייַן לעצטער גאַנג
געבליבן אייַנגעקריצט מיר אין זכרון.
די גאַס האָט זיך געצויגן לאַנג,
און דורך דער גאַס — דייַן שוואַרצער אָרון — — —

א

„אַוועקגעפירט דײַן מאַמען קײַן פּאָנאַר...״
אַ יוגנט־פרײַנט געבראַכט האָט מיר די בשורה.
און אויפגעברויזט האָט דאַן אין מיר דער צער:
דו לעב דײַן מאַמען אויף כאַטש אין די שורות!

אַרײַנגערעדט אין מיר האָט שאַרפער צער,
די פעדער מײַנע האָט עס אויפגעצייכנט, —
מײַן מאַמעס וועג פון ווילנע ביז פּאָנאַר,
און פון פּאָנאַר ביז אומבאַקאַנטע הויכן;

דאָס האָט דער ווינט איר אַש דערהויבן הויך,
און ווו האָט עס דערנאָך אַראָפּגערעגנט?
און אפשר האָט עס זיך צו מיר דערטראָגן אויך
פאַלנדיק אין טראָפּנס רעגן.

אָט ווי אַ טרער בײַ מיר דאָ אויפן האַנט,
און איך האָב ניט פאַרשטאַנען:
אַז ס׳האָט אַזוי אַרײַנגעוואַנדערט דאָ אין לאַנד
מײַן מאַמע...

ב

לײַכט־אויף, מײַן מאַמע, איצט פֿאַר מיר,
איך זאָל אין שורות מײַנע געבן דיר אַ תּיקון.
איך זע דיך נאָך — דו זיצסט אין עופֿות־שטיבל בײַ דער טיר
און פֿרעמדע הינער האַלטסט אין פֿליקן.

אַט די „חזקה" דײַנע — נאָכן טאַטנס טויט
איז עס בײַ דיר פֿאַרבליבן,
און פֿונעם פֿליקן האָסטו אָפּגעשפּאָרט אַ שטיקל ברויט
פֿאַר קינדערלעך, פֿאַר זיבן.

דער טאַטע איז אַוועקגעגאַנגען יונג
פֿון וועלט, אַ ליכטיקע געשטאַלט, אַ ריינע,
און דו געבליבן ביסט, ווי אײַנגעקרײַזט אין רונג
פֿון קינדערלעך, פֿון קליינע.

ניט אויסגעהאַלטן האָט דעם טאַטנס האַרץ —
אַזויפֿיל בלוט, אַזויפֿיל העלדזער שעכטן,
ביז איינמאָל אין אַ ווינטער־טאָג אַ קאַלטן
האָבן אים די פֿיס גענומען אונטערברעכן, —

געפֿאַלן בײַ דער אַרבעט מיטן חלף אין דער האַנט
ווען אויסגעפּרוּווט האָט ער דעם שאַרף אויף נאָגל.
אַ שווינדל האָט געטאָן פֿאַר אים סופֿיט און וואַנט — — — —
קצבֿים פֿון דער בוינע האָבן אים אַרויסגעטראָגן...

ג

טויכט־אויף, איר ווײַטע טעג, צוריק, ווי בלוט אויף פֿאָן.
איך בין נאָך עד־היום נשתומם:
וואָס האָט מײַן שוואַכע מאַמע ניט געטאָן
פֿאַר אירע קליינינקע יתומים?

אין שטיבעלע בײַ זיך פֿלעגט זי דאָרט גאַנצע טעג
אויף זינגערס ניי־מאַשין, פֿאַר פֿרעמדע, העמדער שטעפּן.
אין די אָוונטן פֿלעגט זי אויף ווילנער מערק
אַרומטראָגן געקאָכטע עפּל.

און ערב־שבת, ערב־יום־טוב, אין דער שעכט־שטוב
פֿלעגט זי זיצן מיט די ווײַבער, מיט די פּראָסטע,
די פֿעדערן פֿון הינדעלעך געשאָכטענע געצופּט
פֿאַר זאַטע באַלעבאָסטעס...

טויכט־אויף, טויכט־אויף פֿאַר מיר פֿון דעם פֿאַרגיי,
איר ווײַטע און צעוויייטאָגטע אַמאָלן, —
ווען ניט געקלעקט עס האָט אויף ברויט פֿון דעם געניי,
געוואַשן האָט זי פֿרעמדע פֿאָלן.

ניט מיד איז זי געוואָרן זוכן ברויט,
צו שווער קיין זאַך געווען איז ניט דער מאַמען
אויף לינדערן פֿון קינדערלעך די נויט,
און זײַן שכר־לימוד זאָל פֿאַרן מלמד.

אײַנגעוויקלט אין פּאַטשיילע מיט די פֿרענדז
פֿון שעכט־שטוב אַהיים זי טוט זיך שלעפּן,
און טראָגט פֿאַר קינדערלעך די פֿיסעלעך פֿון גענדז,
די העלדזעלעך, די קעפּלעך, —

פֿאַר אָפּפּליקן אַן עוף איז דאָס געצאָלט,
דאָס פֿלעגן צוזוואַרפֿן די רײַכע באַלעבאָסטעס...
טויך־אויף פֿאַר מיר, דו טרוויריקער אַמאָל,
און זשאַוועד ניט, דו נעם אויף זיך קײַן ראָסט ניט!



ד

פון בערג מיט אַש לײַכט זי פּאַר מיר אַרויס, —
אַ יאָרצײַט-ליכט װאָלט דאָרטן ברענען...
בײַם פענסטער זיצט זי, לייענט איצט אַרויס
די סדרה פון דער װאָך אין „צאינה-וראינה".

ס'איז שבת הײַנט. אויף איר די שכינה ליגט,
װי שניי אין דרויסן אויף די דעכער.
די זיסקײַט פונעם טײַטש-חומש האָט איר פאַרװיגט,
אַרויסגעהויבן פון געפּאַלנקײַט אַלץ העכער.

און כאָטש דער עול דער װאָכיקער, בײַ איר אין בלוט,
און אַלע גלידער זענען מיד, צעבראָכן,
דאָך אויף די ליפּן בלאָס אַ שמייכל רוט,
װי זי אַ גוטע בשורה װאָלט איצט האָרכן.

מײַן מאַמע בײַ דעם טײַטש-חומש זי שלאָפט,
פאַרװיגט אװדאי אין אַ חלום, אין אַ קלאָרן,
אַז דאָס װאָס זי האָט אויסגעטרוימט און אויסגעהאָפט
פאַרװירקלעכט איז געװאָרן:

די קינדערלעך — זיי זענען זאַט און לערנען גוט,
דער דאָך איבערן קאָפּ איז אויך געזיכערט.
נאָר אינעװייניק, אין איר שלאָפנדיקן בלוט,
טראָגט דער גזר זיך אום מיט אַ געװיטער.

ה

וואָס מער די קינדער זענען אויסגעוואַקסן שלאַנק,
מיט מונטערע און לאַכענדיקע אויגן, —
אַלץ לאַנגזאַמער געוואָרן איז דער מאַמעס גאַנג
און אירע אַקסלען מערער אויסגעבויגן.

דער שוואַרצער קאָפּ — מיט פּאַסמעס גרויע האָר,
און קנייטשן דינינקע אַרום די אויגן.
עס האָט די אַלמנהדיקע גרויע וואָר
אינגאַנצן איר שוין אויסגעזויגן.

ניט שטענדיק שוין געקאָנט זיך אויפהויבן פון בעט
און לאָזן לויפן זיך אויף ברויט פאַרדינען.
ניט איינמאָל האָבן שוין די קינדער, די דערוואַקסענע גערעדט:
„ליג רויִק, מאַמע, מעגסט זיך שוין פאַרגינען!"

די שוועסטער האָט געשנײַדערט פרעמד געניי,
דער ברודער יונג אַוועק אַ סוחר ווערן;
אין שטוב עס פעלט שוין נישט קײַן ברויט,
דאָס קליינוואַרג — לערנט.

די מאַמע אונדזערע האָט מיטאַמאָל דערפילט
פון אַלע יאָרן גאָר די מידקײַט אין די גלידער;
אין דער פּאַטשיילע אײַנגעהילט
געזעסן שעהן גאַנצע איבערן סידור.

אַ גרויסן „קרבן־מנחה" די מאַמע האָט פאַרמאָגט,
געבויגן איבער אים מיט דינע שולטער,
האָט אַלע תחינות זי פון אים אַרויסגעזאָגט
און אָפּגעקילט איר האַרץ די אַנגעפולטע.

ו

דײַן לעצטן וועג האָב איך דיך, מאַמע, ניט באַגלייט,
און ניט אַדורכגעמאַכט מיט דיר געפֿאָרן;
ווען ברוינע באַנדעס האָבן מאָרד געזייט
און דיך פֿאַרטריבן אויף פּאָנאַר.

איך קען די געגנט גוט דאָרט — ווי ווונדערשיין,
ניט איינמאָל אין די טעג פֿון זומער
האָבן מיר, קינדערלעך, אויף פּאָנאַרער פּליין
געקליבן בלומען.

דו ביסט דעם לעצטן וועג אַוועק מיט סידור אין די הענט,
אין דער פֿאַטשיילע, אין דער אַלטינקער, פֿאַרהילעט;
דעם מערדערס קויל דײַן האַרץ האָט דורכגעברענט, —
און דײַנע ליפּן האָבן נאָך געמורמלט תּפֿילות...

ווי וואָלט איך איצט געוואָלט דאָרט אויף פּאָנאַרער פּליין
גיין אָפּזוכן אַ בלעטל פֿון דײַן גראָבן סידור,
צווישן אַלע ביינער אָפּגעפֿינען דײַן געביין,
און אויפֿזאַמלען דײַנע צעשטויבטע גלידער.

*

עס ווינקט דער ציפּרוס־בוים אַרײַן צו מיר אין שויב,
זײַן דינע קרוין טוט קוים זיך, קוים באַוועגן;
די צווײַגן טיילן זיך און ס׳גיט זיך וואָס אַ הויב,
מײַן מאַמע שוועבט פון דאָרט אַרויס אַנטקעגן.

זי זאָגט: „אַ בוים בין איך געווען, מיט צווײַגן ברייט,
מיט וואָרצלען טיפע אין דער נידער;
האָט אַלעמען פאַרצוקט דער בייזער טויט,
נאָר דו ביסט דאָ געבליבן מיט די לידער.

דו פּרוּווסט פאַרצייכענען איצט מײַן געשטאַלט,
מײַן גאַנג, מײַן טרויעריקן, אויף דער ערד דאָ, —
באַהאַלט די שורות דײַנע, קינד, באַהאַלט!
ווײַל ווער וועט דען זיי הערן?

ווײַל וואָס איז ליד אין וועלט פון מאָרד? —
צו שרײַבן הײַנט איז ווּנדער און איז חידוש,
בפרט אַז אָט דײַן אויסגעווייטאָגט וואָרט
קלאָגסטו אַרײַן אין קלאָרע רייד פון ייִדיש...״

די מאַמע שווײַגט. אין ציפּרוס־בוים פאַרשווינדט.
און מײַנע ליפּן שטומען.
די מערב־שקיעה אינעם בוים זיך צינדט, —
ווערט פאַרשוווּמען.

און פּלוצלינג, אין פאַרנאַכט, איך זע,
דורך שורהלעך פון מײַנע לידער:
מײַן מאַמע ברענט אין אָוונט ווי דער סנה,
און לעבעדיק זי ווערט דאָך ווידער.

## קינות אויף חורבן ווילנע

(פראגמענטן)

א

אָפּגעמעקט איז אַלץ שוין דאָרטן,
די ישיבות און די קלויזן;
און מײַן קלײנער בלומענגאָרטן
וווּ געוואַקסן זענען רויזן.
ביבליאָטעקן און חדרים,
אַלץ געטאָן האָט מען פֿאַרלענדן, —
קברים, קברים, קברים!
וווּ איך זאָל זיך נאָר ניט ווענדן,
וווּ איך זאָל מײַן בליק נאָר וואַרפֿן —
אַלץ שוין חרוב און פֿאַרשאָרפֿעט.

איצטער אין מײַן קלײנעם חדר,
צווישן ווענט פֿון האַלץ און דיקטן,
זע איך בילדער, הער איך רעדן.
דוכט: איך הער מײַן רבינס ניגון.
פּערל טריפֿן זײַנע ווערטער,
און ווי פֿײַער ווערן אותיות:
„זיי פֿאַרמאָגן שאַרפֿע שווערדן,
מיר — אַ גאָט, אַ גאָט אַ גרויסן!"
זײַנע ווערטער שטילע פֿליסן —
און זײַן שלייף איז אויפֿגעריסן...

כ'זע מײַן ברודער, כ'זע מײַן שוועסטער,
ס'קומען אָן פֿאַר מיר געשטאַלטן —
שפּאַרן זיך דורך טיר און פֿענסטער.
ווער, חלילה, קאָן פֿאַרהאַלטן?
און מײַן אַלטע, גוטע מאַמע
מיט די טרויעריקע אויגן,

ווי עס פלעמלען נאָך צוויי פלאַמען,
שטייט צעקנייטשט און איינגעבויגן:
„זעץ זיך, קינד מיינס, איצטער שבעה,
ס'איז שוין קיינער נישט געבליבן..."

קיינער, גאָרנישט איז געבליבן,
נאָר אין מיר טוט אַלץ נאָך לעבן;
אין מיין בלוט איז עס פאַרשריבן,
אין מיין פלייש, אין די געוועבן.
פונדאָסניי אָט איצט איך לייען, —
דאָס וואָס איך האָב לאַנג פאַרגעסן...
צינדן אָן זיך טעג, פאַרגייען,
צינדן אָן זיך און פאַרלעשן,
ביי די טשאַדיקע רוּינען
קומען זיי צוריק אין זינען...

ב

ווילנע ברענט. קיינער קומט נישט לעשן.
אונטער הימלען כמורנע, גרויע
ברענט אַ פלאַקער, טעג, מעת־לעתן,
ברענט די שול פון ווילנער גאון,
ברענט דער שולהויף און די קלויזן
און די ביבליאָטעק שטראַשונס
מיט די ביכער־שאַפעס גרויסע,
ספרים ליכטיקע ווי זונען.
אַלץ פאַרברענט ווערט איצט צוזאַמען,
מי דורך דורות אָנגעזאַמלט.

יאָ, איך זע, איך זע דאָס איצטער,
כאָטש געשען צוריק מיט יאָרן.
אָפט דער גרויסער אומגליק בליצט אַ־
דורך מיט שאַרפקייט אין זכרון.
זע איך הענט פאַרבראָכן, הויבן
מיט אַ קללה זיך צו הויכן,
זע איך אויגן פול מיט גלויבן
וואַרפן זיך אין פלאַם און רויכן...
נשמה פליט פון גוף אַרויסעט,
ווי פון ספרים פליען אותיות...

ווילנע פון די קינדער־יאָרן
אין געדעכעניש געבליבן.
יונגע טעג און זונען קלאָרע,
אוי, ווי שטאַרק איך פלעג זיי ליבן...
שטילער ווייטאָק פון זכרון!
ס'איז נאָר קברים דאָרט געבליבן.
די גמראָס — שוימעס, לאַנג צעפליקטע,
בלעטער מיט מײַן כתב פאַרשריבן,

און חלומות אויסגעשטיקטע
אין מײַן מאַמעס קליינער שטיבל.

אָ, פאַרשווינדטע, פאַרשווינדטע זכרונות!
זאָל דער צער אַזוי ניט דריקן.
יענע קינדער־יאָרן ריינע
רינגלען אום מיך, ביז דערשטיקן...
שווימט אַרויס מײַן מאַמעס פּנים
אײַנגעדעקט מיט שטערן־טיכל,
נעמט אַ טיי־גלאָז, צוקערט אָנעט,
טראָגט עס צו מיר מיט אַ קיכל:
— נעם, מײַן קינד, און מאַך אַ ברכה,
יעדער ייִד אויף זיך נעמט יאָכן...

וווּ ביסטו איצט, מאַמע גוטע,
מאַמע, ייִדישע און ריינע?
וווּ געטאָן דײַן גוף האָט בלוטן?
וווּ איצט ליגן דײַנע ביינער?
ליגט פאַרברענט אין ווילנער געטאָ?
ליגט אין גריבער די פּאָנאַרער?
כ'זע דײַן לעצטן גאַנג, דײַן קלעטער
דורך יסורים און געפאַרן.
רוּיִק, האַרץ מײַנס... זאָג ניט: שפּעטער!
טרינק ביז דעק זיך אָן מיט צערן!..

ג

ווילנע ליגט איצט אויף פּאַנאַר,
אין די טיפע גרויסע גריבער.
איינס אין צווייטן אײַנגעקלאַמערט,
איינער נעמט אַרומעט זיבן.
איינס אין צווייטן אײַנגעוואַקסן,
אײַנגעוואַקסן, אײַנגעגלידערט —
פוס צו פוס און האַנט אויף אַקסל.
אַלע זײַנען גלײַכע ברידער,
ס׳פוילן אָרימע און רײַכע,
פאַרן מערדער — אַלע גלײַכע.

ציוניסטן, קאָמוניסטן,
אַלטע לײַט און קינדער קליינע,
ווי מלאָכים לויטער, ריינע,
ערשט אַנטווײַנטע פון די בריסטן.
ווי? נאָך ריינער פון מלאָכים
און פון בלויע הימלען — קלאָרער!
אָ, דו גאָט פון גרויסע שבחים,
ווערסט זיי נעמען אין דײַן אָרעם,
ווען עס וועלן פאַר דיר קומען
אָט די עופּהלעך די שטומע?

אָט די עופּהלעך, די שטומע...
הויבן אויף געבײַלטע פויסטן.
האָסטו זייער וואָרט פאַרנומען:
גאָט, פון הימל גיי אַרויסעט!
וואָס האָסטו זיך דאָרט פאַרשלאָסן
אונטער הימלען בלויע זיבן?
און אויף הפקר אונדז געלאָזן,
באַלד שוין קיינער ניט געבליבן?..

אונדזער בלוט — אַט דער סך־הכל —
געבן וועט דײַן שטול אַ וואַקל;

געבן וועט דײַן שטול אַ שלײַדער,
איבערדרייען, איבערקערן.
קענסט דעם אומגליק נישט פאַרמײַדן? —
זיץ כאָטש ניט צווישן שטערן,
וואַרט נישט, אַז מען זאָל דיך לויבן
און נאָך שבחים טראָגן דאָרטן...
קליינע קינדער, ווײַסע טויבן,
האָט מען זיי געטאָן דערמאָרדן
און געוואָרפן אין די גריבער,
ביז קיין איינער איז געבליבן...

אפשר וועט דער וואַלד דערציילן,
וואָס די גריבער רינגלט אומעט,
ווי מען האָט געטאָן דערקוילן
אונדזער אויסגעווײלטע אומה?
אפשר וועט די ערד זיך וועקן
און פון פּײַן און צער זיך שפּאַלטן,
און פאַר אַלעמען אַנטפּלעקן
וואָס מען האָט אין איר באַהאַלטן?
נאָר דערווײַלע אַלץ דאָרט דרימלט,
ס׳וואַקסן ווידער פרישע בלימלעך.

בלימלעך געלע, בלימלעך בלויע,
פעלד־קווייטעלעך ליליאָווע.
אין דיווינטער־טעג, די גרויע,
ליגט די ערד מיט פראָסט פאַרקאָווערט.
טרעפט, עס פאָרט אויף איר אַ שליטן,
קריצט אין אײַז אַרײַן זיך אײַזן,

און דער שניי האַלט אין איין שיטן,
אַזאַ אומשולדיקער ווײַסער.
גוי אין שליטן לאַכט צופרידן:
אונטן ליגט אַ שטאָט מיט ייִדן!..

ווײַט אַרום די פרײַע פליינען
לויפן ווינטן אום און וויינען,
בייז, ווי שטורעמעס, טון זיך טראָגן,
און זיי וואָיענען און קלאָגן.
און ווי שטענדיק, אויבעט הײַיאָר
רוּיִק טוט ווילְיע פליסן,
נאָר אַ ייִדיש קינד, אַ טײַערס,
וועט איר מער שוין ניט באַגריסן;
ווײַל פאַרברענט האָט אים אַ פײַער,
ווײַל דערשטאָכן ליגט דורך שפּיזן...

גבעת־השלושה, 1946.

# אינהאַלט

## אַ ייד גייט אַרום אין זיין פעלד

## פרדס-לידער



## פּאָעמעס



## קינות